# מאָזעסוויל

## די ערשטע יידישע קאָלאָניע
## אין אַרגענטינע

צו די 75 יאָר זינט איר גרינדונג

1964 — 1889

מ. שענדעריי - א. גאַביס

# מאָזעסוויל

די ערשטע יידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע
צו די 75 יאָר זינט איר גרינדונג
1889 — 1964

בוענאָס־איירעס
1964 — ה׳תשכ״ה



באַראָנעסע קלאַראַ בישאָפסהיים דע הירש
די לעבנס-באַגלייטערין פונעם באַראָן הירש



**באַראָן מאַוריסיאָ דע הירש**

(1896 — 1831)

גרינדער און פינאַנצירער פון דער

יידישער קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט (ייקאַ)

קאַפּיטל 1

# אַרגענטינע אַלס אַ רעטונגס-פּלאַץ אין אַן עת-צרה

די דערמאָרדונג פון דעם צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער, 1טער מערץ 1881, האָט גורם געווען אַ רייע פּאָגראָמען אויף יידן. די צאַרישע רעגירונג האָט טאָלערירט און אַפילו באַמוטיקט די פּאָגראָמען אין דער האָפענונג צו קענען אויף אַזאַ אופן אָפּלייטן דעם צאָרן פון פאָלק פון די פּריצים און צאַרישע ביוראָקראַטיע אויף די יידן. די פּאָגראָמען זענען אויך גוטגעהייסן געוואָרן פון געוויסע סאָציאַליסטישע פירער, אין דער אויסרעכענונג אַז פון די פּאָגראָמען אויף יידן וועלן די אויפגערייצטע מאַסן אַריבער צו פּאָגראָמירן די פּריצים און ביוראָקראַטן.

ווען מען האָט געמוזט צוליב דער עפנטלעכער מיינונג אין אייראָפּע אָפּשטעלן די פּאָגראָמען, און אַפילו באַשטראָפן די מינדערוויכטיקע פּאָגראָמשטשיקעס, האָט זיך אויף יידן אַ שאָט געטאָן גזירות און באַגרענעצונגען, וואָס זענען געווען פיל ערגער פון די פּאָגראָמען. עס איז געווען אַ מין לעגאַלער פּאָגראָם.

לויט די „צייטווייליקע" געזעצן פון 3טן מיי 1882, איז געוואָרן פאַרבאָטן יידן צו באַזעצן זיך פון דאָסניי אין די דערפער, שפּעטער האָט מען זיי אַרויסגעשיקט פון דער געגנט וואָס ליגט אין שטח פון פופציק וויאָרסט פון דער גרענעץ. עס איז באַשרענקט געוואָרן דאָס רעכט צו קויפן און אַרענדירן באָדן, הייזער און אַנדערן אומבאַוועגלעכן אייגנטום, עס איז איינגעפירט געוואָרן נומערוס קלאַוזוס פאַר יידישע סטודענטן אין מיטל און הויך-שולעס. עס איז פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל יידישע מעדיקער און סאַניטאַרן-פּערסאָנאַל אין דער אַרמיי, מען האָט אויפגעהערט אויפצונעמען יידן אויף עפנטלעכע פּאָסטנס. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, די פּאָגראָמען האָבן זיך באַנייט.

בשעת די גבירים און שתדלנים האָבן נאָך געמיינט צו קענען ראַטע־

ווען די לאַגע דורך אינטערווענצן ביי דער רעגירונג אין פעטערבורג, אָדער ביי די לאָקאַלע מאַכטהאָבער, האָבן זיך די ייִדישע מאַסן אַ כאַפּ געטאָן צום אַלטן מיטל: אַנטלויפן, עמיגרירן. אויף דעם געביט בילדן זיך אויס צוויי שטרעמונגען און אַ דריטע, צוויי אידעאָלאָגישע און איינע אַ פּאָזיטיוו־פּראַקטישע. די „בילו״ רופן צוריקקערן אין לאַנד פון די אבות, די „עם־עולם״ ראַטן עמיגרירן אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, אָדער קאַנאַדע. ביידע אידעאַליסטישע באַוועגונגען פריידיקן דעם אידעאַל פון ערדאַרבעט, און טרוימען פון קאָלאָניזאַציע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסו־דות, אַ זאַך וואָס איז דורכגעפאַלן אין די פאַרייניקטע שטאַטן און האָט טריומפירט אין ארץ־ישראל.

די מאַסן זענען געלאָפן וווהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן. דער גרעס־טער רוב אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו זיי האָבן זיך פּראָלעטאַריזירט, אַ קלענערער שטראָם קיין ארץ־ישראל, ווו די חובבי־ציון און דורך זייער השפעה דער באַראָן בנימין בר׳ יעקב (עדמונד) ראָטשילד, האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ קאָלאָניזיר־טעטיקייט.

אויך די רעפּובליק אַרגענטינע זוכט צוציִען אימיגראַנטן. אין יאָר 1876 דעם 6טן אָקטאָבער, ווערט גוטגעהייסן דער געזעץ וועגן אָנשטעלן ספּע־ציעלע אַגענטן, וואָס זאָלן פּראָפּאַגאַנדירן אין די אייראָפּעיִשע לענדער די איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע.

ווען עס דערגייען קיין אַרגענטינע די ידעות וועגן די ייִדן־פאַרפאָל־גונגען אין רוסלאַנד, ווענדט זיך דאַן כאָסע מ. בוסטאָס מיט אַ פאָרשלאַג צו דער רעגירונג פון דער רעפּובליק, צו אָריענטירן די ייִדישע עמיגראַ־ציע פון רוסלאַנד צו די אַרגענטינער ברעגן און שלאָגט פאָר זיין דינסט ווי אַ ספּעציעלער אַגענט פאַר דער אויפגאַבע.

דעם 19טן אויגוסט פון 1881 דערשיינט אַ דעקרעט פון מלוכה־פּרע־זידענט גענ. כוליאָ אַ. ראָקאַ, וועלכער אינסטרויִרט דעם מיניסטער פון אי־נערן ה׳ אַנטאָניאָ דעל וויסאָ, צו באַשטימען דעם פּריִער דערמאָנטן ה׳ בוס־טאָס ווי אַן ערן־אַגענט צו אימפּולסירן די אימיגראַציע פון אייראָפּע, מיט דער ספּעציעלער אויפגאַבע צו אָריענטירן אין דער רעפּובליק די אימי־גראַציע פון רוסישע ייִדן.

דער גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר אימיגראַציע דאַרף געבן צו ה׳ בוסטאָס די געהעריקע אינסטרוקציעס, און דער אויסערן־מיניסטעריום דאַרף פאַר־

אָרדענען די אַרגענטינער קאָנסולאַטן אין אייראָפּע אַז זיי זאָלן מיטווירקן צום בעסטן דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג.

מען דאַרף אָנערקענען די ברייטהאַרציקייט פון זשעסט פון דער אַר־געטינער רעגירונג און איר טרעפלעכע שטעלונג אַריינצולאָזן אין לאַנד מענטשן וואָס ווערן פאַרפאָלגט צוליב גייסטיקע מאָטיוון (רעליגיע) און קענען לייכט פאַרוואַנדלט ווערן אין נוצלעכע און טרייע בירגער פון דעם נייעם היימלאַנד וואָס נעמט זיי אויף מיט אַזעלכע אָפענע אָרעמס. ליידער האָבן נישט אַלע אַזוי געדענקט.

אויף מאָרגן נאָך דעם ווי דער דעקרעט איז דערשינען, איז אַרויסגע־קומען די רעאַקציאָנערע פראַנצויזישע צייטונג „ל׳אוניאָן פראַנסעז״ מיט אַן אַרטיקל וואָס באַטראַכט דעם דעקרעט ווי „איינער פון די גרעסטע טעו־תים וואָס די רעגירונג האָט געקענט מאַכן״. די צייטונג האַלט אַז יידן וועלן זיין שעדלעך פאַרן לאַנד, ווייל זיי האַלטן זיך שטרענג ביי זייערע אייגענע פייערונגען, פון וואַנען עס איז געדרינגען אַז „פון אַלע אימיגראַנטן איז דער ייד דער ערגסטער פאַר אַרגענטינע״.

דער קליינער יידישער ישוב וואָס האָט זיך שוין דאַן געפונען אין לאַנד, האָט זיך דערפילט באַליידיקט דורך אַזאַ אַטעסטאַציע. עס האָבן נישט גע־פעלט קיין יידן מיט קוראַזש וואָס זאָלן געהעריק רעאַגירן אויפן אַנטיסע־מיטישן אָנפאַל. די ה״ה מ. שנאָבעל און א. לעווי האָבן באַזוכט די צייטונג וואָס האָט געמאַכט דעם אָנגריף און געפאָדערט אַז זי זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר איר באַליידיקונג אויף יידן, אין קעגנפאַל וועלן זיי אַרויסרופן אויף אַ דועל דעם שרייבער פון אַרטיקל, בכדי, ווי די צווייטע פראַנצויזישע צייטונג „לע נאַסיאָנאַל״ זאָגט עס אין איר נומער פון 26סטן אויגוסט פון 1881, „אָפּצוּוואַשן מיט בלוט די באַליידיקונג וואָס די צעווילדעוועטע צייטונג האָט פאַרשאַפט זייערע אומגליקלעכע גלויבנס־גענאָסן״, ווייל „מען דאַרף דאָך צוימען די גיפטיקע צונגען״.

דער פרעזידענט פון דער „סאָסיעדאַד איזראַעליטאַ״ (קאָנגרעגאַציע) ה׳ זיגמונד אַווערבוך איז געווען גרייט צושטעלן אַן אָנקלאַגע צו דער יוס־טיץ קעגן דער צייטונג וואָס פאַרלוימדט די יידישע אימיגראַנטן וועלכע וואָלטן געקענט קומען אין לאַנד.

די „ל׳אוניאָן פראַנסעז״ האָט שוין נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אַרויסקומען מיט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „די יידנפראַגע״, אין

וועלכן עס ווערט פאַרזיכערט אַז דער מחבר פון דעם אַנטי־יידישן אַרטיקל האָט גאָרנישט געהאַט בדעה עמיצן צו באַליידיקן: עס איז בלויז געווען אַ „קאָמענטאַר איבער היסטאָרישער, עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער דאָקטרין" און „אין קיין פאַל איז נישט געווען די כוונה צו שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן די אָרנטלעכקייט פון די יידן, וואָס וווינען אין בוענאָס איירעס און אומגעגנט". דער אינצידענט איז געווען פאַרענדיקט.

אָבער דעם זעלבן טאָג איז אַ זייער אָנגעזעענע אַרגענטינער צייטונג אַרויסגעקומען מיט אַ קאָמענטאַר וועגן דעם ענין. דער אַרטיקל־שרייבער האַלט: „אַז ווען אַפילו די צייטונג ווייזט נישט צוריק די איינוואַנדערונג פון מענטשן פון דער ראַסע וואָס האָבן רעכט צו אַרבעטן און לעבן אין יעדן וועלט־טייל", וואָלט זי נישט געקוקט שלעכט אַז יידן זאָלן קומען אויף איי־גענער איניציאַטיוו, אָבער עס איז אַ טעות מצד דער רעגירונג „זיי צוציען אָפיציעל און קינסטלעך", ווייל „זיי לעבן אומעטום אָפּגעזונדערט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, שטאַרק צוגעבונדן צו די דאָגמעס און אינסטי־טוציעס וואָס זענען באַגרינדעט אויף „תורת משה". די צייטונג געפינט דאָך פאַר נייטיק צו באַטאָנען, אַז זי טיילט נישט די איבערגעטריבענע מיינונ־גען וואָס מען האָט אין אייניקע אייראָפּעישע לענדער, קעגן די אָפּשטאַמער פון אברהמען".

די דאָזיקע צייטונגס־דיסקוסיע פאַרמינערט גאָרנישט די באַדייטונג פון דעם זשעסט פון דער רעגירונג פון גענ. ראָקאַ, וואָס איז געוויס באַ־ווּסט געוואָרן אין אייראָפּע און איז דערגאַנגען ביז צו די געטאָס פון רוס־לאַנד, ווו מען האָט זיך דערוווּסט וועגן מעגלעכקייטן צו אימיגרירן אין אַ ניי לאַנד.

אַרום דער צייט ווען אין אַרגענטינע פירט מען אַ וויכוח אַרום דער יידישער אימיגראַציע, באַגרענעצט טערקיי די אימיגראַציע פון יידן קיין ארץ־ישראל, בלויז אויף מענטשן וואָס האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן, אַלע אַנדערע ווערן באַטראַכט ווי טוריסטן וואָס האָבן נישט קיין רעכט צו באַ־זעצן זיך.

די נויט איז אָבער שטאַרקער פון די פאַרבאָטן און דער אָפּאָזיציע, יידן האָבן באמת נישט אימיגרירט ערגעץ, נאָר אַנטלאָפן פון צאַרישן רוסלאַנד: מען איז געלאָפן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. מען איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל אין דער האָפענונג אַז מען וועט זיך ווי עס איז אַריינקריגן אין

לאַנד, און דאָרט פאַרבלייבן. אַ זאַך וואָס האָט זיך גישט אַלעמאָל איינגעגעבן און וועט זיך שפּעטער אָפּרופן אויף דער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. אין 1889 איז פון פּאָדאָליע אַרויסגעפאָרן אַ גרעסערע גרופּע ייִדן מיטן צוועק צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און קריגן ביי די ייִדן און ייִדישע אינסטיטוציעס פון מערב־אייראָפּע מיטהילף דערצו. די דאָזיקע ייִדן, וועלן אָבער מוזן פאָרן קיין אַרגענטינע, און וועלן פאַרלייגן די יסודות פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין דער רעפּובליק. דאָס איז די אַזוי באַרימטע פּאָדאָליער גרופּע, וועלכער מיר וועלן ווידמען דעם קומענדיקן קאַפּיטל.

קאַפּיטל 2

# דער דערנער-וועג פון דער פּאָדאָליער גרופּע

אָנפאַנג 1889 האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע יידן פון פּאָדאָליער גובערניע, אייניקע פון זיי דירעקט געליטענע פון די גזירות און באַגרענעצונגען אויף יידן, מיטן צוועק צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און זוכן פאַר זיך אַ נייע היים אין וויטע מדינות, אפשר פאָרן קיין ארץ־ישראל.

בראש פון דער גרופּע איז געשטאַנען אַ געוויסער אליעזר קויפמאַן, אַ ייד אַ סוחר, וואָס איז שוין געווען אין מערב־אייראָפּע און האָט אַפילו גע־האַט קאָנטאַקטן מיט דער חברה „כל ישראל חברים״ — „אַליאַנס איזראַע־ליט אוניווערסאַל״.

די גרופּע איז געווען אָרגאַניזירט. זי האָט מיטגעפירט מיט זיך אַ ספר־תורה און מיטגענומען צוויי שוחטים: ר׳ אהרן גאָלדמאַן ז״ל און ר׳ יעקב ווינאָקור ז״ל.

פאַר שבועות פון 1889 האָט א. קויפמאַן אַרויסגעשיקט די ערשטע טייל פון דער גרופּע, באַגלייט פון גרשון באַראַץ און שלום רעכטער, וואָס האָבן געדאַרפט איינמאָנען ביי די רייזנדע דעם באַטרעף פון דער נסיעה און באַ־גלייטן זיי ביז קראָקע.

אויף איינצושפּאָרן הוצאות, האָבן זיך די עמיגראַנטן אָנגעגעבן פאַר אַרבעטער און האָבן באַקומען אַן הנחה פון פּופּציק פּראָצענט פון באַן־טאַ־ריף. אָבער אַ באַן־אינספּעקטאָר האָט אַנטדעקט דעם דריידל, די רייזנדע זענען איינגעזעצט געוואָרן אין דער קראָקויער טורמע, ווו די מענער זענען אָפּגעזעסן 16 טעג: די פרויען מיט די קינדער האָט מען באַפרייט אויף דער השתדלות פון די אָרטיקע יידישע טוער. ווען ג. באַראַץ האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד און האָט איבערגעלאָזט אַן ערבות פון דריי הונדערט גילדן, האָט מען באַפרייט די מענער. באַראַץ האָט זיך אָפּגעריסן פון דער גרופּע און איז צוליב דעם אָנגעקומען קיין אַרגענטינע מיט אַנדערטהאַלבן

יאָר שפּעטער, אַזוי נישט־מזלדיק האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער עטאַפּ פון דער נסיעה.

ווען די צווייטע טייל פון די עמיגראַנטן האָט זיך דערוווּסט דעם צו־פאַל פון די ערשטע רייזנדע, האָט מען באַשלאָסן אינגאַנצן אויסמיידן די אייזנבאַן. מען איז געפאָרן מיט דער אַקס דורך מיסלאָוויץ ביז טאַרנאָפּאָל, פון דאָרטן קיין ברעסלוי, פון וואַנען מען האָט גענומען דעם צוג קיין בער־לין. אָבער אַ טייל פון די עמיגראַנטן האָבן שוין פון לכתחילה נישט געהאַט אויף הוצאות הדרך, האָבן די רייכערע פון צווישן זיי אויסגעלי:ען 450 רובל (ז. אַלעקסאַניצער 200, פּרץ פייגנבוים 150, וואָלף שאַפּיראָ 100). אליעזר קויפמאַן האָט צוגעזאָגט זיי אומקערן דאָס געלט אין בערלין, זיך געווים פאַרלאָזט אויף דער גוטהאַרציקייט פון בערלינער יי:דן.

אין בערלין האָט מען די עמיגראַנטן פאַרהאַלטן, אָבער קויפמאַן האָט דאָרט געהאַט אַ באַקאַנטן, אַ גרויסן ווײנהענדלער, לוי שטיין, אַן אונגאַרי־שער יי:ד, צו וועמען ער האָט זיך געווענדט נאָך הילף. צו לוי שטיין האָבן באַגלייט קויפמאַנען זלמן אלעקסאַניצער, גבריאל רייך און וואָלף שאַפּיראָ, אַ גאַנצע דעלעגאַציע.

לוי שטיין, באַגלייט פון זלמן אלעקסאַניצער זענען צוגעפאָרן צום פּרעזידענט פון דער בערלינער קהילה, פון וועמען זיי האָבן באַקומען קוים 200 מאַרק, וואָס מען האָט געמוזט אויסגעבן אויף שפּייז.

דער ווייל איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז קיין ארץ־ישראל קען מען נישט פאָרן, האָט מען באַשלאָסן פאָרן קיין אַרגענטינע. לוי שטיין האָט מורא גע־האַט די גרופּע זאָל ערגעץ נישט אַריינפאַלן אין קיין צרה, האָט ער גע־עצהט אַז מען זאָל באַזוכן דעם גרויס־ראַבינער פון דער אָרטאָדאָקסישער געמיינדע אין בערלין הרב ר׳ עזריאל הילדעסהיימער ז״ל און בעטן אים ער זאָל משפּיע זיין אויף אַ געוויסן זיגמונד זימל, אַ רייכער יי:ד, אַ פילאַנ־טראָפּ, וואָס האָט מיטגעהאָלפן ביי דער בהלה־עמיגראַציע פון אָנפאַנג אַכ־ציקער יאָרן, און פועלן ביי אים ער זאָל פאָרן קיין פּאַריז און דאָרט באַקו־מען הילף פאַר די עמיגראַנטן, זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער נסיעה. דער אַדרעס אין פּאַריז איז געווען די „אַליאַנס״.

ווען ר׳ עזריאל הילדעסהיימער ז״ל האָט דערהערט אַז די עמיגראַנטן ווילן פאָרן קיין אַרגענטינע, האָט ער אין פאַרצווייפלונג אויסגערופן: „הפקר־יי:דן וואָס איר זענט! ווי פועלט איר ביי זיך צו פאָרן מיט אייערע משפחות

אין אַזאַ ווייטן אומבאַקאַנטן לאַנד?! ווער ווייסט וואָס דאָרט קען פון אייך ווערן!" הרב הילדעסהיימער איז געווען אַזוי עמפּערט אַז עס האָט גענומען צייט ביז ער האָט זיך באַרויִקט און געקענט אויסהערן די פאָרשטייער פון די עמיגראַנטן.

דאָך האָט הרב הילדעסהיימער פאַרבעטן אַ פאָרשטייער צום מיטיק. און באַך מיטיק האָט ער אין באַגלייטונג פון זיין זון הרב ר' מאיר ל. שטיין, ז. זימל, פּראָפ' בערנשטיין א"א באַזוכט די עמיגראַנטן וואָס האָבן 8 אַזייגער אין אָוונט געדאַרפט אָפּפאָרן קיין האַמבורג. אינגאַנצן זענען געווען 86 משפחות מיט 690 נפשות, אָבער אַרום אַ דריטל פון זיי האָבן דערקלערט אַז זיי האָבן נישט אויף באַן־בילעטן: האָט שוין ז. זימל באַצאָלט פאַר זיי און די עמיגראַנטן זענען אָפּגעפאָרן קיין האַמבורג. דאָרט האָבן זיי באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז עס איז געווען אַ טעות, זיי האָבן גאָר געדאַרפט פאָרן קיין ברעמען, האָט מען געדאַרפט פאָרן ווייטער קיין ברעמען.

אַ דעלעגאַציע פון א. קויפמאַן, ז. אַלעקסאַניצער, פּ. פייגנבוים און י. רעכטער זענען אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז. אויפן וועג האָט זיי פאַרכאַפּט שבת, אָבער הרב הילדעסהיימער פון בערלין האָט טעלעגראַפירט צו זיין קרוב, אַ רב אין קעלן, און ער האָט באַגעגנט די דעלעגאַציע ביים צוג און פאַרהאַלטן זיי ביז איבער שבת.

ווען די דעלעגאַציע איז אָנגעקומען קיין פּאַריז, האָבן זיי דאָרט געטראָפן ז. זימל, וואָס איז ספּעציעל געקומען אַהין בכדי צו פאַרהאַנדלען מיט די פירער פון דער אַליאַנס דעם ווייטערדיקן גורל פון די עמיגראַנטן.

די אַליאַנס האָט געשפּילט אַ גרויסע רעטונגס־ראָל בשעת דער בהלה־עמיגראַציע פון רוסלאַנד נאָך די פּאָגראָמען פון 1881/2; מערסטנטייל האָט זי אָריענטירט די אימיגראַנטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער אונטער דער איינפלוס פון דער פּראָפּאַגאַנדע וואָס די אַרגענטינער רעגירונג האָט געפירט אין די אַכציקער יאָרן, בכדי צוצוציִען עמיגראַנטן אין דער ווייטער רעפּובליק, אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר וועלכער די אַגענטן האָבן באַקומען פּופּציק פראַנק פאַר אַ נפש, האָט די אַליאַנס באַשלאָסן פּרווון ווענדן אַ טייל פון דער עמיגראַציע פון רוסלאַנד קיין אַרגענטינע.

שוין אין 1884 איז אַרויסגעפאָרן קיין אַרגענטינע אַ קליינע גרופּע יידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד. סוף 1888 ווערן דורך דער אַליאַנס אָריענטירט קיין אַרגענטינע אַכט יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך באַ־

זעצט אויף די לענדערייען פון „באַנקאָ קאָלאָניסאַדאָר" אין צפון פון פראָ־
ווינץ סאַנטאַ־פע, אין אַ געגנט וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מאָניגאָ־
טעס־וויעכא" און איז נישט אידענטיש מיט דער באַן־סטאַנציע וואָס טראָגט
היינט דעם נאָמען מאָניגאָטעס. די דאָזיקע ערשטע אַכט קאָלאָניסטן זענען
אָנגעקומען אין לאַנד אין יאַנואַר 1889. זיי האָבן געגרינדעט אַ קליינע קאָ־
לאָניע וואָס האָט עקסיסטירט אַ יאָר דריי־פיר און איז שפּעטער איינגע־
שלאָסן געוואָרן אין דער קאָלאָניע מאָזעסוויל, ווען די יִיקאַ האָט זי איבער־
גענומען אויף איר חשבון.

ווען די „אַליאַנס" האָט געמאַכט איר ערשטן פּרוּוו צו אָריענטירן
ייִדישע קאָלאָניסטן קיין אַרגענטינע, איז פאַר איר די רעפּובליק נישט גע־
ווען אין גאַנצן פרעמד. זי האָט דאָרטן געהאַט אייניקע מיטגלידער: קאַרל
דאַך, לעאָן צרפתי, א. לעווי, העברי פיקאר א"אַנד. צו וועלכע די קאָלאָ־
ניסטן וואָלטן זיך געקענט ווענדן און באַקומען שטיצע און אָריענטאַציע.

אַזוי אַז דער סאַמע ערשטער שריט אויפן געביט פון ייִדישער קאָלאָ־
ניזאַציע אין אַרגענטינע, דאַרף געשטעלט ווערן אויפן חשבון פון דער
„אַליאַנס", וואָס איז אויך געווען די ערשטע צו גרינדן אַן אַגריקולטור־
שולע אין ארץ־ישראל, די „מקווה־ישראל" אין 1870.

צווישן די ייִדישע עסקנים פון מערב־אייראָפּע האָט זיך דעמאָלט גע־
פירט אַ וויכוח וועגן דעם, צי דאַרף די ייִדישע עמיגראַציע סטימולירט
ווערן. די „אַליאַנס" (כוח) האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף די ייִדן העלפן
אויף די ערטער דורך אינטערווענירן ביי די רעגירונגען, ווי אויך דורכן
הייבן זייער ווירטשאַפטלעכן און קולטור־ניוואָ דורך עפענען אַלגעמיינע און
פאַך־שולן. דער באַראָן הירש, וואָס האָט שוין געהאַט אַ דורכפאַל מיט זיין
פּלאַן צו קריגן אַ דערלויבעניש פון דער צאַרישער רעגירונג צו דערעפענ־
נען שולעס פאַר ייִדישע קינדער, אַן ענין וואָס האָט אים אָפּגעקאָסט אַ
מיליאָן רובל פאַר קירכע־שולעס און ער האָט דאָך די דערלויבעניש נישט
באַקומען. האָט געהאַלטן אַז עס בלייבט נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי
סטימולירן און שטיצן די ייִדישע עמיגראַציע אין פרייערע לענדער. דאָס,
— האָט ער געדענקט, — וועט פאַרלייכטערן דעם גורל פון די ייִדן אויף
די ערטער און עס וועט אפשר אויך ווירקן צו ענדערן די אַנטיסעמיטישע
שטימונגען אין דער צאַרישער רעגירונג. דער רומענישער ייִד, פּראָפע־
סאָר פון היגיענע אין דער אוניווערסיטעט פון לאַזאַן, ד"ר ווילהעלם לע־

וועגטאַל, האָט שוין אין 1884 געהאַט אַ פּלאַן צו באַזעצן ייִדן ווי קאָלאָ־ניסטן אין אַרגענטינע, אַן אויפטו אין וועלכן ער וועט שפּעטער שפּילן אַ גאָר אַנגעזעענע ראָל.

די „אַליאַנס” האָט זיך באַצויגן צו דער דעלעגאַציע פון די פּאָדאָליער מיט געוויסע רעזערוואַציעס. זי האָט נישט געוואָלט און אפשר אויך נישט געקענט אַרויסטרעטן ווי אַ דירעקטע שטיצערין פון דער ייִדישער עמי־גראַציע. אין די אַנטיסעמיטישע קרייזן, וואָס זענען דאַן געווען זייער שטאַרק אין אייראָפּע און האָבן אין 1882 געגרינדעט זייער אַנטיסעמיטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט מען אָנגעוווּנקען אויף דער „אַליאַנס” ווי אויף אַ מין אינטערנאַציאָנאַלער ייִדישער רעגירונג און עס האָט נישט געלוינט צו מאַכן אַ שריט, וואָס זאָל דינען ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר דער אַנטיסעמי־טישער טעזע.

דאָך האָט די „אַליאַנס” אויפגענומען די דעלעגאַציע פון דער פּאָדאָ־ליער גרופּע, האָט געשטיצט די עמיגראַנטן, ווען אַפילו אומדירעקט דורך אַנדערע, בעיקר דורך ז. זימל, וועלכער האָט ביז וואָס־ווען אָפּגעשיקט 7.000 פראַנק צו דער גרופּע, וואָס איז געבליבן אין ברעמען וואַרטן אויף דעם רעזולטאַט פון דער דעלעגאַציע.

זימל האָט די דעלעגאַציע באַגעגנט מיט אַ פריילעכער בשורה. ער האָט שוין אַ געגויע אינפאָרמאַציע: אַרגענטינע איז אַן ארץ זבת חלב ודבש, פון שקלאַפערייַ איז קיין שפור נישטאָ. ער האָט שוין אָנגעקניפּט באַציִונ־גען מיטן אַרגענטינער קאָנסולאַט, ווי אויך מיט אַנדערע אַמטן, וואָס האָבן אין פּאַריז פאַרקויפט באָדן פאַר עמיגראַנטן וואָס ווילן פאָרן קיין אַרגענ־טינע אויף ערד־אַרבעט.

פּעדראָ ס. לאַמאַס האָט דאַן אָנגעפירט אין פּאַריז מיט אַן אַרגענטי־נער אינפאָרמאַציע־ביוראָ וואָס האָט דורך שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע פאַרפאַסט פון לאַמאַסן גופא, געמאַכט שטימונג פאַר אימיגראַציע קיין אַר־גענטינע. אין 1888 האָט די ביוראָ פון פּ. ס. לאַמאַס מודיע געווען, אַז די וואָס ווילן קויפן אין אַרגענטינע נחלות ביז 33 העקטאַר, זאָלן זיך ווענדן צו ר. ב. פראַנק, וואָס האָט געהאַט אַ ביוראָ אין הויז נומער 19 פון דער גאַס מילאַן.

דער זעלבער פּעדראָ ס. לאַמאַס וועט שפּעטער אומדירעקט לייסטן אַ ממש גורלדיקע דינסט פאַר די אימיגראַנטן, ווען ער וועט אויסווירקן ביי

דער אַרגענטינער רעגירונג, אַז זי זאָל איינלאַדן דעם פּריַער דערמאָנטן פּראָפעסאָר ד״ר ווילהעלם לעווענטאַל צו מאַכן אַ שטודיום־רייזע איבער די קאָלאָניעס פון דער רעפּובליק. אָט אויף דער נסיעה, מיט אַ יאָר שפּע־טער, וועט ד״ר לעווענטאַל געפינען די פּאָדאָליער גרופּע אויף דער סטאַנ־ציע פּאַלאַסיאָס, ווו זיי וועלן זיך געפינען אין אַ שרעקלעכער נויט; ד״ר לעווענטאַל וועט מיט זייער גורל פאַראינטערעסירן דעם באַראָן הירש, עס וועט געגרינדעט ווערן די יִיקאָ און עס וועט זיך אָנהייבן דאָס שווערע און גלאָררייכע קאַפּיטל פון יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

דערווייל האָט די דעלעגאַציע פון די פּאָדאָליער געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט כ. ב. פראַנק, ווי אַ פאָרשטייער פון דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט „לאַ קאָלאָניסאַדאָראַ נאַסיאָנאַל אַרכענטינאַ״, וועלכע האָט ווי אַן אַגענט פון דעם גוטבאַזיצער ראַפאַעל פערנאַנדעז, פאַרקויפט צו די צוקונפטיקע קאָ־לאָניסטן ½ 42 נחלות, צו 25 העקטאַר יעדע, אויפן פּרייז פון 120 פראַנק דער העקטאַר. דער אַלגעמיינער באַטרעף איז געווען 126 טויזנט פראַנק, פון וועלכע פראַנק האָט באַקומען זיין קאָמיסיאָן 5.300 פראַנק. די קאָלאָ־ניסטן האָבן געדאַרפט איינצאָלן אַן אַדערויף, דעם פולן באַטרעף פון באָדן וועלן זיי אויסצאָלן: איין העלפט אין יערלעכע ראַטעס מיט געוויינלעכע פּראָצענטער, און די צווייטע העלפט אין 22 יאָר, מיט בלויז 2 פּראָצענט יערלעכע צינזן. דער אייגנטימער פון באָדן האָט געדאַרפט צושטעלן די קאָלאָניסטן צייטווייליקע דירות, מכשירים, אַרבעטס־פי, אויך שפּייז — אַלץ צו רעדוצירטע פּרייזן און אויף אויסצוצאָלן אין ראַטעס. אויב די קאָ־לאָניסטן וועלן גלייך באַאַרבעטן אַ העלפט פונעם באָדן, וועלן זיי באַפרייט ווערן פון צאָלונגען במשך פון די ערשטע דריי יאָר. דאָס לאַנד איז געווען נאָענט צו ב. איירעס, אַרום דער היינטיקער שטאָט לאַ־פּלאַטאַ.

דעם 12טן יוני 1888 איז אַנדרעס לאַמאַס, דער זון פון פּעדראָ ס. לאַ־מאַס, אָפּגעפאָרן קיין ב. איירעס בכדי אַלץ צוצוגרייטן פאַר די צוקונפטיקע קאָלאָניסטן, אַפילו כשרן עסן אויף דער שיף.

דעם 4טן יולי שרייבט כ. ב. פראַנק צו ז. זימעל קיין בערלין און גיט אָן גענוי די באַדינגונגען אויף וועלכע די קאָנטראַקטן מיט די עמיגראַנטן זענען געשלאָסן געוואָרן. ער מאָנט אויך איין ביי די קאָלאָניסטן די איינ־טריטס־קוואָטע פאַר זייערע נחלות, נעמט אַראָפּ זיין קאָמיסיאָן און שיקט אָפּ די רעשט צום אייגנטימער: צוועלף טויזנט פראַנק אין צוויי זענדונגען.

דעם 6טן יולי שרייבט פראַנק צום אימיגראַציע־דירעקטאָר אין ב. איירעס און בעט ביי אים פּראָטעקציע פאַר די צוקונפטיקע קאָלאָניסטן, וואָס ער שיקט אַרויס מיט דער שיף „וועזער״, נישט זאָגנדיק אַז זיי זענען יידן: ער בעט אויך אַז מען זאָל אָננעמען אַלע נויטיקע מיטלען אין פאַל די קאָנ־טראַקטן וועלן נישט אָנערקענט ווערן. אָדער מען וועט נישט וועלן איבער־געבן דעם באָדן צוליב וועלכע ס'איז נישט אַנדער סיבה (הפּנים דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז עס וועלן זיין צרות. ער האָט געהאַט אַ געוויסן גרונט דערפאַר).

פאַר דער צייט וואָס די דעלעגאַציע איז געווען אין פּאַריז, איז דער־ווייל די גרופּע אין ברעמען פאַרגרעסערט געוואָרן מיט צוגעקומענע עמי־גראַנטן, ביזן צאָל פון 110 משפּחות. ווען אַלע פאָרמאַליטעטן פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניזאַציע זענען פאַרענדיקט געוואָרן, איז נאָך געבליבן איין הארבע פראַגע: ווו נעמט מען אויף הוצאות פון ברעמען ביז בוענאָס־איירעס? לויט אַ מיטטיילונג פון ברעמען צו דער דעלעגאַציע קיין פּאַריז, זענען געווען אַרום 70 משפּחות וואָס האָבן געהאַט אויף רייזע־הוצאות. מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די איבעריקע פערציק משפּחות. אָבער ווען די דעלעגאַציע איז צוריקגעקומען, האָבן אַ פיל גרעסערע צאָל געטענהט, אַז זיי האָבן נישט אויף הוצאות; אַנדערע האָבן. געזאָגט, אַז זיי האָבן איינגע־צאָלט אויף הוצאות דעם פירער פון דער גרופּע, ה' אליעזר קויפמאַן. אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג האָט ז. זימעל געלאָזט אַרעסטירן קויפמאַנען, אָבער מען האָט אים באַלד פריי געלאָזט. עס זענען געווען ידיעות, אַז די עמיגראַנטן האָבן יאָ געלט, אָבער זיי באַהאַלטן עס ביי זיך על כל צרה שלא תבוא. עס איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי צו באַזוכן די עמיגראַנטן, און אויף אַזאַ דראַסטישן אופן האָט מען דערגאַנצט 59 איינ־צאָלונגען. 13 האָבן געהאַט איינגעצאָלט אין פּאַריז, פאַר די איבעריקע האָט באַצאָלט ז. זימל, טיילווייז אויפן חשבון פון דער „אַליאַנס״, טיילווייז פון זיין אייגענער קעשענע. דעם 10טן יולי האָבן זיך 110 משפּחות מיט 837 נפשות איינגעשיפט אויף דער שיף „וועזער״, וואָס איז אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס דעם 14טן אויגוסט 1889.

אָבער ווען די אימיגראַנטן זענען אָנגעקומען קיין ב. איירעס, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אומדערוואַרטן סורפּריז: דער אייגנטימער פון פאַר־קויפטן באָדן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען די קאָנטראַקטן, ווייל כ.

ב. פראַנק זאָל נישט האָבן ווי געהעריק אויסגעפירט זיינע אינסטרוקציעס. פראַנק האָט זיך פאַרענטפערט, באַוויזן מיט דאָקומענטן, אַז דער אייגנטי־מער הערנאַנדעז איז נישט גערעכט: ער האָט אים אויטאָריזירט צו פאַר־קויפן דעם באָדן צו 100 פראַנק דעם העקטאַר און ער האָט פאַרקויפט טייערער — צו 120 פראַנק. דער אמת איז, אַז אין צווישן איז דער פרייז פון באָדן געשטיגן צוליב דער אינפלאַציע וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען אין לאַנד. סיי־ווי־סיי — די אימיגראַנטן האָבן דעם באָדן נישט באַקומען. זיי זענען געבליבן ווי אויפן וואַסער, נאָר אַ דאַנק איבערן קאָפּ האָבן זיי גע־האָט — דער אימיגראַנטן־הויז פון דער אַרגענטינער רעגירונג:

די „אַליאַנס" האָט פון לכתחילה געשריבן צו איר מיטגליד העגרי פיקאר, אַז ער זאָל אַרויסהעלפן די אימיגראַנטן. איצט — שרייבט זי צום זעלבן הענרי פיקאר און אויך צו אָסקאַר לעווי. — אַז מען זאָל זי גלייך אינפאָרמירן וועגן דעם אַזוי נישט אָנגענעמען ענין. פּראָפ׳ לעווענטאַל שרייבט צו סימאָן קרעמער און הענרי זשאָזעף און בעט ביי זיי, זיי זאָלן אַרויסהעלפן די קאַנדידאַטן אויף קאָלאָניסטן מיט אַלע מעגלעכקייטן. די „אַליאַנס" פרעגט אויך אָן ביי אָסקאַר לעווי, צי וואָלט ער נישט געקענט געפינען אַ פאַרטרויעלעכן מענטשן וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט די אימי־גראַנטן. די „אַליאַנס" וועט אים צאָלן געהאַלט אַ 2—3 יאָר. דערווייל איז אָבער די לאַגע פון די אימיגראַנטן געווען ביז גאָר אַ שווערע.

קאַפּיטל 3

# פון פייער אין פלאַם

די קליינע עדה אין בוענאָס־איירעס איז נישט געבליבן גלייכגילטיק פאַרן גורל פון די אימיגראַנטן זי האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט זייער גורל און געזוכט וועגן ווי אַזוי צו לייזן דאָס שווערע פּראָבלעם.

הענרי זשאָזעף, דער אָנגעזעענער סוחר און „ראַבינער" פון די קאָנגרעגאַציע, און דער צווייטער אָנגעזעענער סוחר און עסקן ה' סימאָן קרעמער. פירן צונויף די אימיגראַנטן מיט ד"ר פּעדראָ פּאַלאַסיאָס, אַ גוטבאַזיצער אין צפון פון פּראָווינץ סאַנטאַ־פע, וואָס האָט געזוכט צו באַזעצן זיינע לענדערייען, און ער האָט מסכים געווען אָנצונעמען די אימיגראַנטן ווי קאָלאָניסטן אין דער קאָלאָניע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין גרינדן. יעדע משפּחה וועט באַקומען פון 25 ביז 50 העקטאַר, צום פּרייז פון 40 פּעזעס אַ העקטאַר, ווי אויך די נייטיקע אַרבעטס־פּי און מכשירים, לעבנסמיטל ביזן נעקסטן שניט — דאָס אַלץ אויף אויסצוצאָלן אין יערלעכע קוואָטעס מיט אַ קליינעם פּראָצענט. נישט אַלע אימיגראַנטן האָבן אָנגענומען דעם אָנבאָט. אַ געוויסע צאָל פאַמיליעס זענען געבליבן אין בוענאָס־איירעס, זיך געזוכט איינצואָרדענען אין שטאָט מיט די מיטלען וואָס זיי האָבן געהאַט, און מיט דער מיטהילף פון דער אָרטיקער עדה, בעיקר די „וווילטעטיקייט־ געזעלשאַפט" ביי דער קאָנגרעגאַציע.

דעם 14טן סעפּטעמבער 1889, אַ חודש נאָך זייער אָנקומען קיין בוענאָס־איירעס, זענען 98 משפּחות אָפּגעפאָרן מיט דער שיף קיין ראָזאַריאָ און פון דאָרט מיט דער באַן ביז סונטשאַלעס, פון דאָרט מיט פורן ביז דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען אויף די לענדערייען פון ד"ר פּ. פּאַלאַסיאָס. געהאָפט האָבן זיי, אַז זייער דערנער־וועג האָט זיך געענדיקט, ליידער האָבן זיך זייערע צרות ערשט אָנגעהויבן.

די אימיגראַנטן זענען פּראָוויזאָריש איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין

ליידיקע וואַגאָנעס און שפּייכלערס פון דער אייזנבאַן, וואָס האָט זיך גע־האַלטן אין בויען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ד״ר פּאַלאַסיאָס איז נישט געווען צוגעגרייט צו באַזאָרגן ווי געהעריק אַזאַ צאָלרייכע גרופּע, וואָס האָט נאָך דערצו געהאַט ספּעציעלע דיעטעטישע פּאָדערונגען. דאָס פלייש פון אַלטע אָקסן, וואָס די שוחטים האָבן געקוילעט אויף כשר, זענען גע־ווען ווייניק נאַרהאַפט; ברויט איז פאַרביטן געוואָרן מיט גאַליעטן (אַזעלכע טרוקענע פּלעצלעך), ווען מילך פאַר די קינדער האָט מען אַפילו נישט געקענט חלומען. צווישן קליינוואַרג האָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע — 40 פון זיי זענען אויסגעשטאָרבן אין אַ גאַר קורצער צייט. די אימיגראַנטן האָבן זיך געמוזט אַוועקלאָזן איבער דער סביבה זוכן אַרבעט, אָדער בעט־לען שפּייז. בעיקר פלעגן זיי גיין אין דער נאָענטער שטאָט סונטשאַלעס, אויסבעטן ברויט ביי די פּאַסאַזשירן און באַדינער פון די צוגן וואָס פלעגן זיך דאָרט אָפּשטעלן. די ערשטע שפּאַנישע ווערטער, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן זיך אויסגעלערנט, זענען ליידער געווען: „טענגאָ האַמבּרע״ — איך בין הונגעריק; „דעמע פּאַן, דעמע גאַזשעטאַ״ — גיט מיר ברויט, גיט מיר גאַליעטן (האַרטע פּלעצלעך). דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צו צעלויפן. ווער עס איז אַוועק אין די אַרומיקע ישובים, אייניקע זענען אַוועק צו די פריִער דערמאָנטע ייִדישע קאָלאָניסטן פון „מאָניגאָטעס וויעכאָ״, די איבע־ריקע זענען געבליבן אויפן אָרט און געפירט צווישן זיך וויכוחים, ווי אַזוי מען זאָל בויען דעם ישוב וואָס ד״ר פּאַלאַסיאָס האָט געדאַרפט פאַר זיי גרינדן: צי אין אַ דאָרף, ווו ייִדן זאָלן זיצן צוזאַמען, אָדער אין צעוואָרפּנ־קייט, יעדער איינער אויף זיין נחלה. מיט ד״ר פּאַלאַסיאָס אַליין האָבן זיי נישט געקענט ריידן. ער האָט גערעדט בלויז שפּאַניש און דער דאָלמע־טשער, אַ געוויסער לאַזאַרעוו, האָט גערעדט פראַנצויזיש. די אימיגראַנטן האָבן נישט פאַרשטאַנען ביידע שפּראַכן, זענען געווען צרות.

ד״ר פּאַלאַסיאָס האָט דווקא געוואָלט קאָלאָניזירן יעדן איינעם אויף זיין נחלה. ייִדן האָבן אָבער אויסגעפירט זייערס, מען האָט געגרינדעט אַ ניי דערפל, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן מאָסעס ווילע, אַ נאָמען נאָך משה רבנו (מאָזעס), דעם נאָמען האָט געגעבן הרב ר׳ אהרן גאָלדמאַן ז״ל. מען האָט אויסגעבויט איין שטוב פון מאַטעריאַל, פאַר דער שול און בית־הרב. די קאָלאָניסטישע כאַלופּעס זענען געווען פון נישט־געברענטע ציגל, דעכער פון שטרוי, בעטן אויסגעקנאָטן פון ערד, ביי אַ שלאַקס רעגן פלעגט

עס אַלץ פאַרפלייצט ווערן. מען האָט אָפט מאָל געדאַרפט איבערבויען פון דאָס ניי. קאָלאָניסטן האָבן שטאַרק געליטן. ווען די משפחות האָבן אָנגע־הויבן באַאַרבעטן די פעלדער, האָט זיך ד״ר פאַלאַסיאָס נישט געאיילט מיט צושטעלן די געהעריקע מכשירים, ער האָט סתם נישט געהאַלטן פון „קאָאָ־פעראַצע״— האָט ער איין קאָלאָניסט געגעבן די אַרבעטס־פי, אַ צווייטן דעם אַקעראייזן, אַ דריטן דעם געשפּאַן, — גיי מאַך עפּעס. דאָך האָבן קאָלאָ־ניסטן געטאָן דאָס מעגלעכע. אַנדערע זענען אַוועק נאָענטער קיין סונטשאַ־לעס, אויף די לענדערייען פון אַ דייטש, ד״ר קאַרלאָס שטייגלעדער, וווּ זיי האָבן געגרינדעט אַ ישוב מיטן נאָמען אהרנס־ווילל, אַ נאָמען נאָך אהרן הכהן, דעם ברודער פון משה רבנו. אין מאָזעסוויל גופא זענען פאַרבליבן קוים 42 פאַמיליעס.

מיט דער גרינדונג פון מאָזעסוויל האָט זיך די לאַגע נישט פאַרבע־סערט. ד״ר פאַלאַסיאָס האָט אַלץ נישט געהאַלטן וואָרט, זיינע צושטעלונ־גען זענען געווען שלעכטע און פלעגן קומען שפּעט. קאָלאָניסטן האָבן ממש געליטן הונגער. ווער עס האָט נאָר געקענט איז אַוועק זוכן אַרבעט ביי די אַרומיקע קאָלאָניסטן אָדער גוטבאַזיצער. די קינדער־שטערבלעכקייט האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. די עופּהלעך וואָס זענען געשטאָרבן אין פּאַלאַסיאָס, אין מאָניגאָטעס וויעכאַ און אהרנווילע, זענען מיט דער צייט אַריבערגע־פירט געוואָרן אויפן מאָזעסווילער בית־עולם, און גראָד די קברים, וווּ עס רוען זייערע יונגע ביינדעלעך, זענען עס געווען דער צעמענט וואָס האָט אויפגעהאַלטן די קאָלאָניע אין די שווערע צייטן.

ווען מען האָט שפּעטער געוואָלט אַריבערפירן די קאָלאָניסטן אויף בעסערע פלעצער, האָבן זיך די מאַמעס קעגנגעשטעלט. זייער טענה איז געווען: „מיר וועלן נישט פאַרלאָזן די קברים פון אונדזערע קינדער. דאָ, אַרום זיי, וועלן מיר בלייבן״. עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אי־בערצוצייגן די מאַמעס, זיי זאָלן ענדערן זייער מיינונג. אַזוי איז פאַרפעס־טיקט געוואָרן די מאַמע פון די יידישע קאָלאָניעס, מאָזעסוויל, וואָס מען האָט אַ צייט לאַנג גערופן „ירושלים דארגנטינה״.

קאַפּיטל 4

# די ערשטע קרבנות

אַ פּאָר וואָכן נאָכן באַזעצן זיך איז פאָרגעקומען דער ערשטער מאָרד אין קאָלאָניע. דער ייִד דוד לאַנדנער איז געפאַלן פון אַ מעסער־שטאָך פון אַ גאַוטש, וואָס האָט געמיינט אַז ער פאַרטיידיקט דאָס לעבן פון זיין ברו־דער וואָס ווערט אָנגעגריפן. געשען איז עס אַזוי:

אין איינעם אַ טאָג זענען אין דעם נייעם ישוב אַריינגעפאָרן צוויי ריי־טער. איינער פון זיי האָט זיך פאַרקוקט אויף איינער פון די טעכטער פון דער קאָלאָניע און געפרעגט ביי די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען מיטן מיידל, צי זיי וואָלטן זי אים געגעבן פאַר אַ פרוי. די קאָלאָניסטן האָבן בישט פאַרשטאַנען וואָס דער מענטש וויל, אָבער זיי האָבן געענטפערט מיטן גאַנצן באַגאַזש שפּאַנישע ווערטער וואָס זיי האָבן דאַן פאַרמאָגט: „סי סע־ניאָר, טענגאָ האַמברע, דאַמע פּאַן, דאַמע גאַזשעטאַ" — ס'הייסט: יאָ מיין הער, איך בין הונגעריק, גיב מיר ברויט, גיב מיר גאַליעטן". דער גאַוטש האָט פאַרשטאַנען, אַז פאַר ברויט מיט גאַליעטן וועט מען אים פאַרקנסן דאָס מיידל. איז ער גלייך אַוועק מיט זיין ברודער און געבראַכט אַ זעקל גאַליעטן, ווי אויך אַ פלאַש „קאַניאַ" — אַזאַ שאַרפער בראָנפן. די קאָלאָ־ניסטן האָבן זיך צוגעכאַפּט צום שפּייז, מען האָט געמאַכט אַ לחיים, צוגע־ביסן, געשטילט דעם הונגער. ווען מען האָט פאַרענדיקט די סעודה, האָט דער גאַוטש געוואָלט נעמען דאָס מיידל, אַרויפזעצן זי אויף זיין פערד און זי אָפּפירן צו זיך אין ראַנטשאָ: זי איז דאָך שוין זיין „טשינאַ". דאָס מיידל האָט זיך געווערט. ייִדן זענען געקומען צו הילף. מורא האָבנדיק, אַז מען קען דערמאָרדן זיין ברודער, האָט דער צווייטער גאַוטש דערמאָרדעט דוד לאַנדערן, איינעם פון די ייִדן וואָס האָבן דאָס מיידל שטאַרקער פאַרטיי־דיקט. אַזוי איז געפאַלן דער ערשטער ייִדישער קרבן אין מאָזעסוויל. ער איז אָבער, ליידער, נישט געווען דער לעצטער. אָבער ייִדן האָבן זיך נוקם

געוועז — זיי זענען באַפֿאַלן דעם מערדער און אַזוי לאַנג געשלאָגן אים, ביז ער איז פֿון די ווונדן געשטאָרבן.

אַרום העלפט נאָוועמבער זענען געפֿאַלן דריי קרבנות מיט אַ מאָל. די ברידער יאַגעלניצער, וואָס זענען אַוועק זוכן אַרבעט און האָבן אין די ווילדע גראָזן אַרום דער קאָלאָניע געפֿונען זייער טויט פֿון מערדער, אָדער פֿון מענטשן וואָס האָבן געמיינט אַז מען גייט זיי אָנגרייפֿן.

אַ שטיקל צייט איז אין דער קאָלאָניע געווען רויק. אָבער אין יולי 1891 איז געפֿאַלן אַ פֿרישער קרבן — זימל זעוויק, וואָס איז אַוועק זוכן אַ קו וועלכע איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, און דאָס פֿערד האָט אים צוריקגעבראַכט אַ האַלב־טויטן מיט דער ברוסט דורכגעלעכערט פֿון אַ מעסער.

מיט אַ חודש שפּעטער איז דערמאָרדעט געוואָרן איינער, פֿיינמאַן, אויך אַ פֿאָדאָליער, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו קאָלאָניזירן.

ביזן סוף 1891 זענען פֿאָרגעקומען נאָך צוויי הריגות. דער קרעמער קאַנטאָר, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן צוליב רויב־צוועקן, און דער קאָלאָניסט גרשון גערשונאָוו, דער פֿאָטער פֿון דעם שפּעטער באַרימטן אַרגענטינער שרייבער אַלבערטאָ גערשונאָוו, וואָס איז צוליב אַ מיספֿאַרשטענדעניש דערמאָרדעט געוואָרן פֿון זיינעם אַן אַרבעטער.

אין 1892, שוין אונטערן יִיקאַ־רעזשים, זענען געפֿאַלן קרבנות: דוד האָראָוויץ, דער יִיקאַ־אַדמיניסטראַטאָר פֿון דער קאָלאָניע; צבי ווײַנער, חיים שמוקלער — אַלץ פֿאָטערס פֿון קינדער, און די בחורים: שמואל בערזאַנקער, ראובן קרישטאַל, און די צוויי ברידער פֿינקעלשטיין.

אין 1896 איז פֿאָרגעקומען אַ מאָרד פֿון אַ גאַנצער פֿאַמיליע, ווייסמאַן, וואָס האָט געהאַלטן אַ שענקל ביי דער סטאַנציע פֿאַלאַסיאָס. בלויז דאָס קלענסטע קינד האָט זיך באַוויזן צו ראַטעווען.

אין 1897 איז אין סאַמע קאָלאָניע דערמאָרדעט געוואָרן די טאָכטער פֿון קאָלאָניסט זלמן אַלעקסעניצער, וואָס די רוצחים האָבן פֿאַרפֿייניקט און געשענדעט איר טויטן קערפּער.

דעם 17טן דעצעמבער 1898 איז איבערגעפֿאַלן און דערמאָרדעט געוואָרן פֿון אַ גאַוטש חיים רייטער, אַ פֿאַמיליען־פֿאָטער אין עלטער פֿון 45 יאָר.

קאַפּיטל 5

# אַ מלאך המושיע: פּראָפ׳ ווילהעלם לעווענטאַל

ביים סאַמע אָנהייב פון די טרויעריקע פּאַסירונגען, דעם 23סטן אָקטאָבער 1889, האָט אומדערוואַרט באַזוכט די פּאַרוואָגלטע קאָלאָניסטן דער פּריזער דערמאָנטער פּראָפ׳ וו. לעווענטאַל, וואָס האָט באַזוכט אַרגענטינע אין אַ וויסנשאַפטלעכער מיסיע. ער האָט געטראָפן קוים אַ פּופציק קאָלאָניסטן אין אַ שרעקלעכער לאַגע, אָן גענוג שפּייז, אָן מעדיצינישע באַדינונג. די צאָל געשטאָרבענע קינדער האָט דערגרייכט צו 61. ער ווענדט זיך צו ד״ר פּאַלאַסיאָס, וועלכער זאָגט־צו צו פֿאַרבעסערן די לאַגע, אָבער האַלט נישט זיין וואָרט. אַ ביסל בעסער איז די לאַגע אין דער קאָלאָניע אהרנסווילע, אָבער זי וועט אויסהאַלטן קוים 1 יאָר. בלויז מאָניגאָטעס־וויעכאַ ווייזט סימנים פון אַ שטיקל אַנטוויקלונג, אין דריי יאָר אַרום וועט זי דערגרייכן צו האָבן אַ פּערציק הייזער, אַ טאַרטאַק, אַ שול און, להבדיל, אַ באָד. דאָס אַלץ קען דינען ווי אַ באַווייז, אַז ביי פּאַסיקע באַדינגונגען קענען יידן יאָ זיין ערד־אַרבעטער. ד״ר וו. לעווענטאַל פֿאַרזוכט צו פאַראינטערעסירן רעגירונגס־לייט פון בוענאָס־איירעס מיטן גורל פון די מאָזעסווילער קאָלאָניסטן, אָבער מער ווי הבטחות באַקומט ער נישט.

אָבער ד״ר לעווענטאַל הערט נישט אויף צו אינטערעסירן זיך מיטן גורל פון די קאָלאָניסטן און פון אייראָפּע בעט ער אינפאָרמאַציע ביי ד״ר קאַרלאָס שטייגלעדער, דער באַלעבאָס פון אהרנסווילע, וועלכער ענטפערט אים דעם 16טן פעברואַר 1890, אַז די קאָלאָניסטן פון פּאַלאַסיאָסן וואָלטן וועלן אַרבעטן, אָבער עס איז אַ שווערער עקספּערימענט, מען מוז אָפּוואַרטן.

ד״ר פּאַלאַסיאָס ווייסט פון דעם אינטערעס צו זיינע קאָלאָניסטן און ער פּרוווט אים אויסנוצן. דעם 20סטן מאַי 1890 שרייבט ער צו דער „אַליאַנס״, אַז ער פּראָיעקטירט אַ לאָטעריע לטובת די קאָלאָניסטן, פון די

הכנסות פון וועלכע ער וועט אויסבויען אַ שפּיטאָל, אַ שולע, אַ בית־עלמין. עס געלינגט אים אַפילו צו באַקומען פאַר זיין פּראָיעקט די שטיצע פון סימאָן קרעמער און הענרי זשאָזעף.

די קאָלאָניסטן שרייבן אָבער, אַז פון דער לאָטעריע וועט געניסן בלויז ד״ר פּ. פּאַלאַסיאָס. זיי דאַרפן נישט קיין שפּיטאָל, נאָר אַן אַגראָנאָם און אַרבעטס־מכשירים. פאַר דער שול האָבן זיי אַליין אויפגעבויט אַ גענוג גרויסן צימער; אַ שולע האָבן צוגעזאָגט אויפצובויען די ייִדישע בעלי־מלאכות פון בוענאָס־איירעס; אַ פּלאַץ פאַר אַ בית־עלמין האָבן זיי געקראָגן פון דער רעגירונג, — אַזוי אַז עס איז נישט כדאי צו שטיצן די לאָטעריע פון ד״ר פּאַלאַסיאָס.

דערווייל ברעכט אויס אין בוענאָס־איירעס די רעוואָלוציע פון יולי 1890, אין לאַנד אַנטשטייט אַ קריזיס. אָבער דאָס אַלץ שטעלט נישט אָפּ דעם ד״ר לעווענטאַל צו זאָרגן פאַר די קאָלאָניסטן, און נישט פון פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט, נאָר פון אַלגעמיינעם קוק־ווינקל. ער האָט מורא, אַז אויב די קאָלאָניזאַציע אין מאָזעסוויל זאָל דורכפאַלן, קען עס גורם זיין, אַז די אַרגענטינער רעגירונג זאָל בכלל שליסן די טויערן פון לאַנד פאַר ייִדישער אימיגראַציע.

ד״ר לעווענטאַל דרינגט אַפילו, אַז דער קריזיס קען זיך אויסווירקן צו גונסטן פון דער קאָלאָניזאַציע. דער פּרייז פון באָדן איז געפאַלן, קען מען איינקויפן גרעסערע שטחים. ד״ר לעווענטאַל פאַראינטערעסירט אויך מיטן ענין פון דער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע דעם הויפּט־רב פון פראַנקרייך, ר׳ יצחק צדוק הכהן ז״ל, דעם באַראָן הירש ז״ל און אַנדערע פירער פון דער „אַליאַנס״. זיינע באַמיִונגען וועלן געבן רעזולטאַטן.

אין מיטן פון דער שווערער סיטואַציע דרייט זיך אַריין אין ענין דער זייגער־מאַכער ענריקע אַנאַ סאַן, אַ ביסל אַן אַוואַנטוריסטישע פּערזענלעכקייט. דעם 19טן נאָוועמבער 1889 קומט ער אַרויס אין דער צייטונג „על דיאַריאָ״ מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער רעקאָמענדירט, אַז בלויז דורך אָפּקויפן אַ גרויס שטיק לאַנד און גרינדן אַ קאָלאָניע, קען מען ראַטעווען די ייִדישע קאָלאָניסטן וואָס פּלאָגן זיך אויף די לענדערייען פון ד״ר פּ. פּאַלאַסיאָס.

ער וויל אויפהייבן אַ וועלט־באַוועגונג אַרום דעם ענין; מאָביליזירן די

קהילות פון אייראָפּע פאַר זיין פּלאַן — דער יק״אַ־פּלאַן פון אַ פּאָרגייער אַ קבצן און פאַנטאַזיאָר.

אויף די באַמיִונגען פון ד״ר לעווענטאַל, באַשטימט די „אַליאַנס״ אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו שטודירן דעם פּראָיעקט וואָס ער האָט צוגעשטעלט און אין וועלכן ער שטעלט פעסט, אַז יידן מוז מען קאָלאָניזירן אין באַזונ־דערע ישובים, בכדי זיי זאָלן קענען אָנהאַלטן יידישקייט. ער שאַצט אָפּ, אַז די קאָלאָניזאַציע דאַרף קאָסטן אַרום טויזנט פראַנק אויף אַ נפש; מען וואָלט אויך געדאַרפט באַזעצן לעבן די יידישע קאָלאָניעס אַ צאָל שווייצאַרישע און האָלענדישע פּויערים, וואָס זאָלן דינען ווי אינסטרוקטאָרן און ווי אַ ביישפּיל.

דעם 23סטן יאַנואַר 1890 טראָגט אַרויס די „אַליאַנס״־קאָמיסיע אַ באַ־שלוס, אַז דער פּראָיעקט פון ד״ר לעווענטאַל איז נישט פּראַקטיש. אָבער ד״ר לעווענטאַל האָט צוגעשיקט דעם פּראָיעקט צום באַראָן מאָוריסיאָ הירש, וועלכער נעמט אָן דעם פּלאַן דעם 29סטן יאַנואַר 1890 און עס ווערט פאַר־רופן אַ קאָנפערענץ פון יידישע עסקנים אויפן 20סטן אויגוסט 1890. די באַראַטונג וועט אויך אָננעמען דעם פּראָיעקט פון ד״ר וו. לעווענטאַל, ווען ער קומט צוריק פון אייראָפּע.

דער באַראָן הירש שיקט אַרויס קיין אַרגענטינע אַ ספּעציעלע פאָרש־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון ד״ר וו. לעווענטאַל, דער ענגלישער אינזשעניער טשאַרלז עדמאָנד קולען, אַ ספּעציאַליסט אין אימיגראַציע־פראַגן, און דעם געוועזענעם קאָראָנעל פון דער בעלגישער אַרמיי, ערנסט וואַדוועל קערוי. די קאָמיסיע האָט זיך איינגעשיפט אין גענואַ דעם 24סטן אָקטאָבער 1890 אויף דער שיף „נאָרד־אַמעריקע״ און איז אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס דעם 12טן נאָוועמבער פון זעלבן יאָר.

דעם 14טן דעצעמבער האָט די פאָרש־קאָמיסיע באַזוכט די יידישע קאָ־לאָניסטן אין מאָזעסוויל, ווו זי האָט געטראָפן 68 פאַמיליעס וואָס האָבן פאַר־נומען 4.350 העקטאַר באָדן, 61 משפחות האָבן געהאַט 269 קינדער, 7 פאַר־פאָלקן האָבן נאָך קיין קינדער נישט געהאַט, עס איז אויך געווען אַ צאָל בחורים. ווי עס איז צו זען, איז דער ישוב אין מאָזעסוויל פאָרט געוואַקסן פאַר דער צייט. עס זענען צוגעקומען אייניקע פאַמיליעס פון די אימיגראַנ־טן וואָס זענען אין 1884 אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס.

ד״ר לעווענטאַל אָרגאַניזירט אין מאָזעסוויל אַ פאַראיין פון די קאָלאָ־ניסטן מיטן נאָמען: „סאָסיעדאַד קאָאָפּעראַטיוואַ דע אַגריקולטאָרעס ען מאָ־

זעסוויללע", אויף יידיש: "קאָאָפּעראַטיווע אַגראַר־געזעלשאַפט פון מאָזעס־ווילער לאַנד־באַאַרבעטער". עס ווערט באַשטימט אַ פאַרוואַלטונג אין באַ־שטאַנד פון פיר חברים: א. י. האָראָוויץ, ז. אַלעקסאַנזיצער, א. י. גוטמאַן, און גלאַזבערג. ד"ר לעווענטאַל גיט איבער דער קאָמיסיע אַ סומע פון 15 טויזנט פראַנק — דער ערשטער ביישטייער פון באַראָן הירש צו דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

דער דאָזיקער פאַראיין איז באמת דער פאָרגייער פון דעם קאָאָפּעראַ־טיוויזם אין לאַנד, הגם די ערשטע יידישע קאָאָפּעראַטיווע וועט געגרינדעט ווערן אין 1900, האָט אָבער דאָס וואָרט "קאָאָפּעראַטיווע" צום ערשטן מאָל פיגורירט אין אַ פאַראיין פון מאָזעסווילער קאָלאָניסטן מיט 10 יאָר פריער. די לאַגע אין דער קאָלאָניע האָט זיך אַ ביסל פאַרבעסערט, די שטימונג אויך, — די הילף פון באַראָן הירש האָט פאַרגעזאָגט בעסערע צייטן.

די קאָמיסיע האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט מיט הילף, אַפילו אויף קאָאָפּעראַטיוויסטישע יסודות. זי האָט אויך שטודירט די לאַגע אין דער קאָ־לאָניע, געמאַכט אַן אויספאָרשונג וועגן דער קוואַליטעט פון דעם מענטשן־עלעמענט און האָט צוגעשטעלט דעם באַראָן הירש פאָלגנדיקן באַריכט:

"מיר זענען טיף איבערצייגט, אַז די דאָזיקע יידישע משפחות קענען זיין אויסגעצייכנטע ערד־אַרבעטער ווען זיי זאָלן זיין גוט אַדמיניסטרירט און קלוג אָנגעפירט. זיי פאַרלאַנגען בלויז צו קענען אַרבעטן, כאָטש זיי לעבן אין אָרעמקייט און האָבן געליטן פיל נויט, האָבן זיי דאָך נישט רעוואָלטירט און אַלע מאָל געפאָדערט בלויז מעגלעכקייטן צו אַרבעטן". "די גרעסטע מערהייט פון די לייט באַשטייט פון אַרבעטפעיקע און אַרבעטזאַמע פעלד־אַרבעטער. די פרויען זענען פלייסיקע. די קינדער ווערן גוט אָפּגעהיט. דאַ־נאַטאַן, אַ פראַנצויזישער אַפּטייקער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער געגנט מיט אַ 7 יאָר צוריק, האָט אונדז געזאָגט, אַז אים זענען ליבער די רוסישע יידן ווי די אַנדערע פעלד־אַרבעטער. די יידן זענען אַפילו בעסער פון די איטאַליענער, ווייל זיי זענען נישט אַזוי רוטינער. מיט זייער קלוגשאַפט און פאַרשטענדעניש לערנען זיך די יידן אַלץ אויס אין אַ קורצער צייט און באַ־מיען זיך וואָס שנעלער צו פאַרפולקאָמען זיך. זיי האָבן אויסגעפונען ווי אַזוי צו מאַכן פון דורכגעברענטער ערד אַ גוטן בוי־מאַטעריאַל, אַזוי אַז מען נעמט זיי איצט צו בוי־אַרבעטן. דער באַריכט צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי קריסטן און איין ייד, קען דינען ווי די בעסטע אַטעסטאַציע פאַר די ערשטע און שפּעטערדיקע יידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע.

ד״ר פ. פּאַלאָסיאָס איז ווייליק צו פאַרקויפן די קאָלאָניע פאַר צוואנציק טויזנט פּעזעס. דערווייל זאָגט ער צו מער שטיצע פאַר די קאָלאָניסטן. אָבער ווען ד״ר וו. לעווענטאַל מיט זיינע חברים באַזוכן נאָכאַמאָל די קאָלאָניע אין סוף פעברואַר פון יאָר 1891, מוזן זיי פעסטשטעלן אַז ד״ר פּאַלאָסיאָס האַלט אַלץ נישט זיינע צוזאָגן.

ד״ר וו. לעווענטאַל לייגט דאַן פאָר די קאָלאָניסטן צו גרינדן אַ קאָאָ־פּעראַטיווע, וואָס זאָל פאַרלייכטערן זייער מצב. דער ערשטער געדאַנק פון קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַרגענטינע. ער זאָגט זיי אויך צו אויסווירקן אַ שטענ־דיקע מיטהילף פון באַראָן הירש, אָבער דערווייל בלייבט די לאַגע ווי געווען.

ווער ווייסט צי די מאָזעסווילער קאָלאָניסטן וואָלטן געקענט אויסהאַלטן ביז די הילף פון באַראָן הירש איז געקומען, ווען נישט דער קליינער ישוב פון בוענאָס איירעס, וואָס איז אַליין געווען נישט איבעריק רייך און אויך נישט צאָלרייך, קוים אַ 1.500 נפשות, וואָלט נישט געקומען צו הילף זייי־נע ליידנדיקע ברידער, מיט עטלעכע זאַמלונגען, וואָס האָבן צוזאַמען באַ־טראָפן אַרום צען טויזנט פּעזעס, אַ גרויסע סומע ביי דער ביליקייט וואָס האָט דאַן געהערשט אין לאַנד.

קאַפּיטל 6

# דער פאָטער און מוטער פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע באַראָן משה בר׳ יוסף הירש, באַראָנעסע קלאַראַ בישאָפסהיים דע הירש

דער באַראָן און די באַראָנעסע הירש, האָבן געהערט צו דער העכסטער יידישער געלט־אַריסטאָקראַטיע פון מערב־איראָפּע. דער באַראָן איז געבוירן געוואָרן אין מינכען דעם 9טן דעצעמבער פון 1831, און איז נפטר געוואָרן דעם 21סטן אַפּריל 1896. די באַראָנעסע קלאַראַ, געבוירן אין 1833, האָט איבערגעלעבט איר גרויסן מאַן מיט 3 יאָר און איז נפטר געוואָרן אין 1899. צווישן דער פּטירה פון באַראָן און איר אייגענער פּטירה האָט די באַראָנעסע קלאַראַ פאַרטיילט אויף צדקה קרוב צו הונדערט מיליאָן פראַנק.

אַ פעיקער פינאַנסיסט, האָט דער באַראָן משה הירש פיל פאַרגרעסערט דעם פאַרמעגן וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער: די באַראָנעסע קלאַראַ איז געווען די טאָכטער פון יידישן מיטגליד אין בעלגישן סענאַט רפאל יונתן בישאָפסהיים און איז אויך געוואַקסן אין עשירות. דער באַראָן הירש האָט פאַרקערט מיטן העכסטן איראָפּעישן אַדל, געווען אַ פערזענלעכער פריינד פון דעם דעמאָלטיקן ענגלישן קרוינפּרינץ עדוואַרד, דער זון פון דער מלכה וויקטאָריאַ, וועלכער האָט שפּעטער געקעניגט אונטערן נאָמען עדוואַרד דער זיבעטער. ער האָט זיך אָפּטמאָל אויסגעדריקט וועגן דער באַראָנעסע קלאַראַ: „זי איז אַ פאַרנעמע דאַמע און אַ גרויסע צדיקת”.

צדקה איז געווען אַ טראַדיציע איןביידע משפּחות. און דער באַראָן הירש האָט ברייטהאַרציק געשפּענדעט פאַר יידישע און נישט־יידישע וווילטעטיקע צוועקן. דער טויט פון זייער בן־יחיד, לוסיען, אין 1887, האָט צעשטערט זייער גליק, אָבער דער באַראָן משה הירש האָט געפונען גענוג גייסטיקע גבורה צו ענטפערן אויף אַ קאָנדאָלענץ־טעלעגראַמע ביי דער געלעגנהייט: „איך האָב פאַרלוירן מיין זון אָבער נישט מיין יורש, די מענטש־

הייט וועט מיך ירשנען". געזאָגט מענטשהייט און געהאַט אין זינען דאָס פאָלק צו וועלכן דאָס פּאָרל האָט געהערט, וואָס איז דאַן געווען אַזוי אָרעם און גערודפט און וועלכער האָט טאַקע געירשנט די גרעסטע טייל פון דער גרויסער באַראָנישער ירושה.

דער באַראָן הירש האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט פון ד"ר וו. לעווענטאַל, און נאָך דעם גינסטיקן באַריכט וואָס די פּאַרש־קאָמיסיע האָט אים צוגעשטעלט, באַשליסט ער צו גרינדן אַ ספּעציעלע יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, מיטן נאָמען „דזשויש קאָלאָניזיישאָן אַסאָסיאיישאָן" — יידישע קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט — מיט אַ קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן פונט שטערלינג, וואָס איז דעם 24סטן אויגוסט 1891 אָנערקענט געוואָרן אין ענגלאַנד ווי אַ געזעלשאַפט מיט „פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ", וואָס באַצוועקט לויטן אַרטיקל 3 פון אירע סטאַטוטן:

„צו פאַרלייכטערן די עמיגראַציע פון יידן פון די אייראָפּעישע און אַזיאַטישע לענדער ווו זיי ווערן פאַרפאָלגט דורך ספּעציעלע געזעצלעכע באַגרענעצונגען און ווו זיי האָבן נישט קיין בירגער־רעכט, אין אַנדערע לענדער ווו זיי זאָלן קענען געניסן פון אַלע מענטשלעכע רעכטן. צוליב דעם צוועק האָט די געזעלשאַפט בדעה צו גרינדן ערדאַרבעטער־קאָלאָניעס אין פאַרשידענע געגנטן פון צפון און דרום־אַמעריקע, ווי אויך אין אַנדערע לענדער".

דער אַרטיקל זעקס פון די סטאַטוטן באַוואָרנט אַז: „אין קיין פאַל וועלן די הכנסות אָדער פאַרמעגן פון דער געזעלשאַפט, דירעקט אָדער אומדירעקט, פאַרטיילט ווערן אַפילו טיילווייז אַלץ דיווידענדן אָדער בענעפיטן פון די אַקציאָנערן פון דער געזעלשאַפט".

דאָס איז קרישטאָל־ריינע פילאַנטראָפּיע וואָס שטעלט דעם פאַרמעגן פון רייכן אין דינסט פון מילדערן די נויט פון דעם נויטבאַדערפטיקן ברודער. עס איז אפשר די ערשטע פונדאַציע פון דעם מין אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

די ייק"אַ (ראשי תיבות פון יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט) האָט אַ קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן פונט שטערלינג, פאַרטיילט אין 20 טויזנט אַקציעס, צו 100 פונט יעדע. 19.990 אַקציעס האָט „געקויפט" דער באַראָן הירש, און די אַנדערע 10 האָבן געקויפט: באַראָן ראָטשילד, יוליאַן גאָלדסמידט, ערנסט קאַסעל, י. מאַקאַטטאַ, ס. גאָלדשמיד, סאַלאָמאָן ריינאַך א"א.

האַרט פאַר זיין פטירה האָט דער באַראָן הירש ז״ל אָפּגעגעבן אַ טייל פון זיינע אַקציעס פאַר דער „אַליאַנס״, דער „אַנגלאָ־דזשויִש אַסאָסיאיישאָן״ (ייִדיש־ענגלישער פאַרבאַנד), פאַר די קהילות אין בערלין, פראַנקפורט אַם מיין און בריסעל. די דאָזיקע אינסטיטוציעס בילדן דעם דירעקטיוון ראַט פון דער ייִקאַ.

אין 1903, אַ שמיטה נאָך דער פּטירה פון באַראָן, זענען די סטאַטוטן פון דער ייִקאַ געענדערט געוואָרן. אירע טעטיקייטן האָבן זיך אויסגע־שפּרייט אויך אויף די געביטן פון בילדונג, פאַך־בילדונג, קרעדיט אאַז״וו. נישט אומזיסט האָט זלמן שז״ר געקרוינט די ייִקאַ מיטן נאָמען: „דאָס נויט־מיניסטעריום פון ייִדישן פאָלק אין גלות״.

זינט 1900 איז די ייִקאַ פאַרבונדן מיט קאָלאָניזאַציע־ווערק אין ישראל. ווען באַראָן עדמונד ראָטשילד האָט איר אָנפאַרטרויט די אַדמיניסטראַציע פון זיינע קאָלאָניעס אין לאַנד, אַן אַדמיניסטראַציע וואָס איז אין 1916 אויס־געבריייטערט געוואָרן אין דער פיק״א (פּאַלעסטינער ייִקאַ). זינט דעם אויפ־קום פון מדינת ישראל פאַראינטערעסירט זיך די ייִקאַ אַלץ מער און מער מיט קאָלאָניזאַציע אין מדינת ישראל. די האָפענונגען וואָס ד״ר ט. הרצל ז״ל האָט געלייגט אויפן באַראָן הירש, ווען פאַר זיין פּטירה ער האָט אַזוי באַ־דויערט, זענען נישט אינגאַנצן צערונען געוואָרן. דער וויכוח צווישן אַר־גענטינצעס און פּאַלעסטינצעס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן איינפאַרשטענ־דעניש פאַר סיי דאָ, סיי דאָרט. מיר האָבן שוין פריִער געזען ווי די ייִדי־שע קאָלאָניזאַציע איןביידע לענדער האָט זיך געפירט פּאַראַלעל און מיט קעגנזייטיקער השפּעה.

פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, וואָס שפּילט ביז היינט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע אין לעבן פון לאַנד און פון ישוב, איז די גרינ־דונג פון דער ייִקאַ געווען אַן התחלה פון אָרגאַניזאַציע און קאָנסאָלידאַציע.

ד״ר ווי לעווענטאַל איז געווען דער ערשטער פאָרשטייער פון דער ייִקאַ אין אַרגענטינע. פון 15טן אָקטאָבער 1891, ביז אָנפאַנג 1892; זיין ער־שטע אַרבעט איז געווען אָפּצוקויפן דעם באָדן פון קאָלאָניע מאָזעסוויללע, וואָס האָט געהאַט דערגרייכט צו 10.164 העקטאַר, באַפרייען די קאָלאָניסטן פון ד״ר פ. פּאַלאַסיאָס מיט זיינע הבטחות, און רעאָרגאַניזירן די קאָלאָניע אויף פעסטערע יסודות. די קאָלאָניזאַציע ווערט באַפרייט פון נישט־צוגע־פּאַסטע עלעמענטן. ד״ר וו. לעווענטאַל באַזייטיקט פון קאָלאָניע אַ צוואַנ־

ציק משפחות, וואָס באַקומען אַ היפּשע פּאַרגיטיגונג, בכדי צו קענען אָנ־הייבן אַ ניי לעבן. די גרעסטע טייל פון די באַזייטיקטע קאָלאָניסטן פאָרן־אָפּ פון דער קאָלאָניע אין אַנדערע מקומות, אָבער אייניקע פון זיי בלייבן אין דער קאָלאָניע, שטעלן אויף הייזער אויף די בוי־פּלעצער וואָס ד"ר פּ. פּאַלאַסיאָס האָט נאָך געהאַט אין קאָלאָניע און די עקס־קאָלאָניסטן האָבן ביי אים אָפּגעקויפט, אין די הייזער עפענען זיי קרעמלעך, וואָס מאַכן אין קאָ־לאָניע נישט קיין שלעכטע געשעפטן. די לאַגע אין מאָזעסווילע הייבט אָן צו נאָרמאַליזירן זיך.

די עקס־קאָלאָניסטן וואָס האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניע, זענען אַוועק אין די נענטערע און ווייטערע שטעט און שטעטלעך און האָבן מיטגע־שטייערט צום וווקס פון די יידישע ישובים וואָס האָבן זיך ערשט אָנגע־הויבן צו אַנטוויקלען אין אַ ריי מקומות.

דער באַראָן הירש און די באַראָנעסע קלאַראַ פאַרדינען בלי שום ספק דעם טיטול פון אבות פון ישוב, נישט נאָר אין אַרגענטינע, נאָר אויך אין אַ ריי לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער; אין בראַזיל ווו די יק"אַ האָט געפירט אַ קאָלאָניזאַציע־ווערק, אין טשילע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון יידן אַריינגעקומענע פון אַרגענטינע, אַ היפּשע טייל פון די קאָלאָניעס. אויך או־רוגוויי און פּערו, וואָס זענען קאָלאָניעס פון די ישובים אין אַרגענטינע און בראַזיל רעספּעקטיוו.

קאַפּיטל 7

# די קאָלאָניזאַציע ווערט אָרגאַניזירט

די פּלענער פון באַראָן משה הירש זענען געווען פיל ברייטער ווי אויפ־געמען יידן וואָס זענען צופעליק געקומען אָדער זענען ערגעץ געבליבן פאַר־שטעקט אויפן וועג פון זייערע וואַנדערונגען. עס מאַכן אַ טעות די וואָס ווילן צושרייבן דעם באַראָן הירש בלויז קליינע פילאַנטראָפּישע פּאַרמעסטן. דער אמת איז אַז דער באַראָן האָט ערנסט געטראַכט וועגן אַ גראַנדיעזער רעטונגס־אַקציע לטובת זיינע פאַרפאָלגטע ברידער אין רוסלאַנד און אַנ־דערע לענדער. ער האָט געטראַכט וועגן אַ פּלאַנמעסיקער עמיגראַציע פון רוסלאַנד אין אַ גאַר גרויסן מאַסשטאַב. אָבער דערצו האָט ער געמוזט באַ־נוצן כמעט שטאַט־מעסיקע מעטאָדן און אַרגומענטן, ווייל פון צאַרישן רוס־לאַנד איז אימיגראַציע בכלל געווען פאַרבאָטן.

דער באַראָן האָט געשיקט אין די יאָרן 3־1892 אַ ספּעציעלן שליח קיין רוסאַנד, דעם ענגלישן זשורנאַליסט מר׳ אַרנאָלד ווהייט, ער זאָל אויספּועלן ביי דער צאַרישער רעגירונג די דערלויבעניש צו אָרגאַניזירן אין רוסלאַנד אַ קאָמיטעט פון דער יק״אַ וואָס זאָל אונטער דער אויפזיכט פון די רעגי־רונגס־אינסטאַנצן רעגולירן די אויסוואַנדערונג פון יידן קיין אַרגענטינע, אין די קאָלאָניעס וואָס דער באַראָן הירש האַלט אין גרינדן פאַר זיי.

אַליין אַ היפּשער אַנטיסעמיט האָט מר׳ ווהייט נישט געפונען קיין בע־סערן אַרגומענט פאַר די צאַרישע סאַטראַפּן ווי דאָס וואָס די קאָלאָניזאַציע פון באַראָן הירש קען באַפרייען רוסלאַנד פון אַ מאַסע יידן וואָס זי האָט נישט גערן. די רוסישע רעגירונג האָט אין פּרינציפּ מסכים געווען צום פאָרשלאַג. שוין אין 1892 איז דערשינען אַ דעקרעט אַז צו יידן וואָס פאַר־לאָזן רוסלאַנד אויף אַלעמאָל (נאַוסיעגדאַ) זאָלן געגעבן ווערן אַלע מעג־לעכע פאַרלייכטערונגען צום לעגאַלן אַרויספאָר.

באַזיגט די גרעסטע שוועריקייט, געעפנט די טיר פאַר לעגאַלן אַרויס־

פאָרן פון לאַנד, האָט מר׳ א. ווהייט (אואייט) זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אָנגעזעענע פירער פון רוסישן יידנטום, וואָס האָבן אים געדאַרפט אָריענטירן אין אַ באַזוך איבער די צאַרישע קאָלאָניעס פאַר יידן אין כער־סאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס, אויף צו דערקונדיקן זיך פער־זענלעך אויף וויפל יידן טויגן זיך אויס פאַר ערדאַרבעט.

## טעקסט פון אַן אַרויספאָר־שיין (איבערזעצונג פון רוסיש)

אויפן סמך פון די אַלערהעכסט באַשטעטיקטע נאָרמען, פון 8טן מיי 1892, פונקט נומער 16, וועגן דער טעטיקייט אין רוסלאַנד פון דער אין ענגלאַנד געגרינדעטער יידישער אַקציען־געזעלשאַפט, ווערט אַרויסגעגעבן פון דעם כערסאָנער גובערנאַטאָר, דער דאָזיקער שיין פאַרן יידישן ערד־אַרבעטער פון דער קאָלאָניע נאָוואָפּאָלטאַווקע אין כערסאָנער גובערניע און קרייז, כאַצקעל יאָסעלעוויטש, דריי און דרייסיק יאָר אַלט, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג צו פאַרלאָזן רוסלאַנד מיט אַלע מיטגלידער פון זיין פאַמיליע: פרוי חנה־העניע, דרייסיק יאָר אַלט; זון גרשון, פיר יאָר אַלט; און טעכטער דינה, עלף יאָר אַלט, אסתר, אַכט יאָר אַלט און תרצה, זעקס יאָר אַלט.

לויטן פונקט 17 פון די אויבנדערמאָנטע נאָרמען, אָנערקענט דער דערמאָנטער ייד, ווי אויך די דערמאָנטע מיטגלידער פון זיין פאַמיליע, אַז זיי פאַרלאָזן די רוסישע אימפּעריע אויף שטענדיק״.

כערסאָן, אויגוסט 6טן פון יאָר 1894.<br>דער גובערנאַטאָר מ. געסערן.<br>סעקרעטאַר, אָנפירער פון אַמט (אונטערשריפט אומלעזבאַר).<br>פאַראַן אַ פירקאַנטיקער שטעמפּל מיט אַן אויפשריפט: צוגע־שטעלטביים אָפּפאָרן. אדעס 27סטן אַפּריל 1896.

דער באַראָן הארץ גינזבורג, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן באַראָן מאַוריסיאָ הירש, האָט רעקאָמענדירט אַלס באַגלייטער פאַר מר׳ או־הייט, אויף זיין נסיעה איבער די צאַרישע יידישע קאָלאָניעס אין די פּראָ־ווינצן כערסאָן און יעקאַטערינאָסלאַוו, דעם ה׳ דוד פיינבערג, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין

אַרגענטינע ווי אין דער יִקאַ־טעטיקייט בכלל. אייניקע קאָלאָניסטישע גרופּעס אין פּראָווינץ ענטרע־ריאָס טראָגן דעם נאָמען פיינבערג, ווי אויך באַראָן גינזבורג, אַלץ אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זייערע לייסטונגען.

מר׳ אוהייט האָט אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק אַז ביי אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע וועלן זיך יידן קענען צופּאַסן צו ערדאַרבעט אויך אין אַרגענטינע און האָט אין דער הינזיכט אינפאָרמירט סיי דעם באַראָן הירש, סיי דער צאַרישער רעגירונג.

אין 1893 איז די יִדישע טוער אין רוסלאַנד געלונגען אויסצופּועלן אַז די רעגירונג זאָל לעגאַליזירן אַ קאָמיטעט פון יִקאַ, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט רעקרוטירן קאָלאָניסטן פאַר די יִקאַ־קאָלאָניעס אין אַרגענטינע און זיי אַהין אַרויסשיקן. בראש פון דעם קאָמיטעט זענען געשטאַנען: באַראָן האראץ גינזבורג (פּרעזידענט), ל. ס. פּאָליאַקאָוו (וויצע), מיטגלידער זענען געווען: ק. וואַרשאַווסקי, א. א. וואַוועלבערג, א. י. פּאַסאָווער, ד״ר י. ל. קאַצענעלסאָן, א. ד. קראַסנאָסעלסקי און דוד פיינבערג. דער ערשטער דירעקטאָר איז געווען ד״ר ל. בראַמסאָן.

מיט דריי יאָר פריִער, אין 1890, האָט די צאַרישע רעגירונג לעגאַליזירט דעם קאָמיטעט פון „חובבי־ציון״ „צו הילף יִדישע ערדאַרבעטער און בעלי־מלאכות אין סיריע און פּאַלעסטינע״. די טענדענץ פון די צאַרישע סאַטראַפּן איז געווען צו לאָזן יִדן עמיגרירן.

פאַרן יִקאַ־קאָמיטעט האָט די צאַרישע רעגירונג געגעבן ספּעציעלע פּריווילעגיעס. עס האָבן געמעגט עמיגרירן גאַנצע פאַמיליעס, אַפילו מיט די זין אין מיליטערישן עלטער. מען האָט געגעבן פאַרלייכטערונגען אויף די צוגן, סיי אויף פּאַסאַזשיר־בילעטן, סיי אויף פראכט. אָבער די עמיגראַנטן האָבן פאַרלוירן די רוסישע אָנגעהעריקייט, זיי האָבן זיך נישט געקענט אומקערן קיין רוסלאַנד.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יִקאַ אין פּעטערבורג האָט באַשטימט פאָרשטייער אין אַ ריי יִדישע געגנטן, בעיקר אין די געביטן וווּ עס זענען געווען יִדישע קאָלאָניעס. ער זוכט צו אָרגאַניזירן די וואָס זענען גרייט אויסצוואַנדערן און שאַפט צווישן זיי גרופּעס וואָס זאָלן פאַרן און באַזעצן זיך צוזאַמען, אין דורכשניט צו 50 משפחות אין אַ גרופּע. אייניקע גרופּעס שיקן דעלעגאַטן אויף אויסצוקוקן דאָס לאַנד און זען צי קען מען זיך דאָרט איינאָרדענען. הכלל, די אַרבעט הייבט זיך אָן אַנטוויקלען

מיט מער ישוב הדעת און טאָלק. עס ווערן גלייך אָרגאַניזירט ניין (9) גרופּעס: 7 פון בעסאַראַביע: סאראק, 2 גרופּעס, מאבילנא, אַקערמאַן, קיליע, באלגראד, פּערליץ צו איינע; פון כערסאָנער גובערניע שאַפט זיך די גרופּע „נאָוואָבוג״; אין טאַווריער גובערניע די גרופּע „רובאַנאָווקאַ״.

בשעת דער צ״ק אין רוסלאַנד אַנטוויקלט זיין אָרגאַניזאַציע־טעטיקייט, שיקט דער באַראָן הירש קיין אַרגענטינע אַ ספּעציעלן באַאַמטער, דעם אַגראָנאָם יהושע לאַפּין, ער זאָל אים צושטעלן אַ דירעקטן באַריכט וועגן דעם קאָלאָניסטישן עלעמענט און די אויסזיכטן פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע.

דער באַריכט איז נישט צו אָפּטימיסטיש. יהושע לאַפּין, וואָס וועט שפּעטער שפּילן אַ היפּשע ראָלע אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, ראָט דעם באַראָן אַז די יי.ק.אַ זאָל פּרוּוון קאָלאָניזירן ליטוואַקעס: זיי האָבן מער אויסדויער, זיי באַנוגענען זיך מיט ווייניקער, זיי זענען אַרבעטזאַמער, וועלן זיי לייכטער קענען איבערטראָגן די שווערקייטן פון די פּיאָנער־יאָרן. דער באַראָן כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ שאַרפן וואָרט: „וואָלט עס נאָר מעגלעך געווען, וואָלט איך אַלץ וואָס מען האָט אָפּגעטאָן ביז אַהער אָפּגעווישט און וואָלט אָנגעהויבן פון דאָסניי״.

צו ד״ר טעאָדאָר הערצל ז״ל רעדט דער באַראָן הירש נאָך שאַרפער: „דעם ערשטן עלעמענט וואָלט איך גערן אין ים געוואָרפן, ערשט איצט האָבן מיר גוטע עלעמענטן״.

די בהולה־קאָלאָניזאַציע האָט דעם אויפטו פון באַראָן הירש נישט געטאָן קיין טובה.

אויך די דירעקציע אין בוענאָס איירעס ווערט סטאַביליזירט. אויב אין די קנאַפּע צוויי יאָר, פון 15טן אָקטאָבער 1891 ביזן 31סטן מיי 1893, האָבן זיך געביטן פיר דירעקטאָרן, וועלן סוף 1893 איבערנעמען די דירעקציע צוויי דירעקטאָרן, וואָס וועלן אָנפירן מיט דער קאָלאָניזאַציע אַזעלכע צען יאָר. דער ספרדי דוד קאַזעס 1893 — 1903, און דער אשכנזי שמואל הירש 1893 — 1904.

דוד קאַזעס איז געווען אַ לערער אין די אַליאַנס־שולן פון טוניס. קיין סך דערפאַרונג אין אַגריקולטור האָט ער נישט געהאַט, דערפאַר האָט ער צו פאַרצייכענען אויפטוען אויפן גייסטיקן געביט. ער האָט איבערגעזעצט דעם סידור אויף שפּאַניש, פאַרפאַסט אַ לערנבוך פון געקליבענע שטעלן

פון תנ״ך, אויך מיט שפּאַנישער איבערזעצונג. אויך אַ שפּאַניש ביכל „פּרינ־ציפּן פון יידישקייט״. דוד קאַזעס איז געווען אַן אינטעלעקטואַל און אַ זאנפּ־טער מענטש.

שמואל הירש איז געקומען פון ארץ־ישראל ווו ער איז געווען דירעק־טאָר פון דער אַגריקולטור־שולע „מקווה־ישראל״, וואָס די „אַליאַנס״ האָט געגרינדעט אין 1870. אַ דייטשישער ייד, אַ היפשר קפדן, האָט ער אָבער געהאַט אַ געוויסע ידיעה אין אַגריקולטור און קאָלאָניזאַציע.

די צוויי דירעקטאָרן פּרווון צו אימפּראָוויזירן וויניקער. זיי גרייטן צו הייזער מיט אינוועטאַר נאָך איידער די קאָלאָניסטן קומען, און דאָס שפּאָרט איין די קאָלאָניסטן אַ סך ליידן. אָבער זיי האָבן צו לייזן אַ שווערן פּראָ־בלעם, ווי זאָל מען בויען די ישובים; אין דערפער פון 25־50 הייזער, אָדער אין גרופּעס פון 4 ביז 12 הויפן. דער ערשטער סיסטעם באַגינסטיקט דאָס קאָלעקטיווע לעבן, יידן לעבן צוזאַמען, דער צווייטער סיסטעם איז בעסער פאַר דער אַרבעט, ווייל ווען יעדער קאָלאָניסט האָט ביז 75 העקטאַר, זע־נען די פעלדער ווייט צעוואָרפן, און דער קאָלאָניסט מוז דאָך זיין נאָענט צו זיין פעלד. די דאָזיקע פראַגע וועט לאַנג באַשעפטיקן די פירער פון דער אַדמיניסטראַציע און דירעקציע. אַרום דעם אופן ווו צו באַזעצן די קאָלאָ־ניסטן פירט זיך אויך אַ היפשער וויכוח אין דער גרויסער יידישער וועלט. דער רעדאַקטאָר פון „המליץ״ אַלעקסאַנדער צעדערבוים ז״ל קומט אַרויס מיט אַ מאמר אין וועלכן ער שרייבט אַז דער סעקרעטאַר פון דער „אַליאַנס״ ה׳ איזידאָר לאָעב האָט אים פאַרטרויט אַז דער באַראָן הירש גיט פאָרצוג צו אַרגענטינע, ווייל ער האָפט צו קענען דורך אַזאַ אופן לייזן די יידנפראַ־גע דורך אַסימילאַציע, פון דריטן דור. און ווען יידן וועלן וווינען צעוואָרפן אויף זייערע נחלות, אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן, וועלן זיי זיך לייכ־טער אַסימילירן.

דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה״ נחום סאָקאָלאָוו ז״ל דרינגט דעם הי־פוך. מען באַזעצט דאָך די קאָלאָניסטן אויך אין דערפער, קאָמפּאַקט, בכדי זיי זאָלן זיך דערהאַלטן אַלץ יידן.

אין דעם וויכוח קען מען דעם ווידערקול פון אַלגעמיינעם אידעאָלאָ־גישן געראַנגל צווישן די „אַרגענטינצעס״ און „פּאַלעסטינצעס״ וועגן דעם וועלכעס לאַנד זאָל האָבן פּרעפערענץ. א. צעדערבוים און זיין „המליץ״ זע־

נען געווען „פראָ־פּאַלעסטינאַ", נחום סאָקאָלאָוו איז נאָך נישט געווען קיין חובב־ציון, האָט ער אָנגענומען אויך אַרגענטינע.

דערווייל הייבן אָן אָנקומען אין דער צווייטער העלפּט פון 1894 די ערשטע קאָלאָניסטישע גרופּעס וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין רוס־לאַנד, מענטשן וואָס האָבן שוין אַ געוויסע דערפאַרונג אין ערדאַרבעט. שמיני עצרת פון יענעם יאָר קומט אָן אַ גרופּע פון 286 נפשות פון די אַלטע יידישע קאָלאָניעס אין כערסאָנער גובערניע, וואָס וועלן גרינדן די קאָלאָ־ניע לוסיענווילע ביי דער סטאַנציע באַסאַווילבאַסאָ אין דער פּראָווינץ ענ־טרע־ריאָס.

די גרופּע איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דעם יקאַ־פאָרשטייער פאַר די קאָלאָניעס פון דרום־רוסלאַנד, דעם קאָלאָניסט פון נאָוואָפּאָלטאַווקע, זלמן לעווינשטיין. די קאָלאָניסטן ווילן דאָס ערשטע דערפל אין וועלכן זיי באַ־זעצן זיך אָנרופן אויף זיין נאָמען, אַלץ אויסדרוק פון אנערקענונג פאַר זיי־נע לייסטונגען; אָבער די יקאַ־דירעקציע האָט שוין אָנגעהויבן צו באַציי־כענען אירע ישובים מיט נומערן, קריגט דאָס דערפל דעם נומער 1, און די קאָלאָניסטן רופן עס „נאָוואָבוג" אין אָנדענק פון דעם שטעטל אין כער־סאָנער גובערניע, ווו די גרופּע האָט אָפּגעהאַלטן אירע צוזאַמענפאָרן.

קאַפּיטל 8

# די ערשטע ליטוואַקעס אין דער קאָלאָניזאַציע

מיט דער בּערסאָנער גרופּע וואָס איז אָנגעקומען אין 1894, פּאָרט־מיט אַלס דעלעגאַט פון אַ ליטווישער גרופּע וואָס דאַרף זיך אײַנגיכן לאָזן אין וועג אַרײַן, ר׳ נח קאַצאָוויטש, אַ פּערזאָן וואָס וועט שפּילן אַ גאָר גרויסע ראָלע אין דער קאָנסאָלידאַציע פון מאָזעסווילע און אין דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע בכלל. ער קומט קיין מאָזעסווילע דעם 26סטן אָק־טאָבער 1894, און אין צוויי חדשים אַרום קומט אָן די ערשטע ליטווישע גרופּע פון 42 פאַמיליעס. זיי קומען אָרגאַניזירט, ברענגען מיט דריי ספר־תורה׳ס, אַ שיינעם ארון קודש (אַ געשאַנק פון ר׳ אברהם פּרומקין, ייִקאַ־פּאָרשטייער אין גראָדנאָ), אויך צוויי לערער: הרב מרדכי ראובן סיני און הייקל זשוקאָווסקי, ווי אויך זשוקאָווסקיס איידעם וואָס איז אַ שוחט. הרב סיני וועט זײַן דער גרינדער פון דער ערשטער ייִקאַ־שולע, זשוקאָווסקי און זײַן איידעם וועלן אָפּפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די ליטוואַקעס טרעפן פיל בעסערע באַדינגונגען. אַנשטאָט געצעלטן, אָדער בלעכענע הײַזקעס, צי ליימענע כאַטקעס, טרעפן זיי הײַזער געבויט פון ציגל געדעקט מיט בלעך, הײַזער פון צוויי צימערן; זיי באַקומען אויך צו 4 אָקסן, 2 קי, 2 פערד, 2 האַנטפּלוגעס און באָראָנעס, אַ וואָגן און אַנ־דערע מכשירים. אַ טייל פון זיי האָבן אין רוסלאַנד אײַנגעצאָלט דער ייִקאַ צו 800 רובל, אַזוי אַז זיי פילן זיך פעסטער. דעם זעלבן יאָר קומט אָן קיין מאָזעסווילע אַ נײַער אַדמיניסטראַטאָר, דער ענערגישער און אַקטיווער משולם (מישעל) כהן, וואָס וועט העלפן דער קאָלאָניע זיך אַרויסאַרבעטן צו אַ גלענצנדן עקאָנאָמישן מצב.

איז עס דערפאַר קיין חידוש נישט וואָס מאָזעסווילע האָט היפּש אַרײַ־בערגעיאָגט די אַנדערע קאָלאָניעס, ווי מען קען עס זען דורך אַ פאַרגלײַך אין פאַרזיי־שטח פאַרן יאָר 1896, דעם יאָר וואָס דער באַראָן הירש ז״ל

איז נפטר געוואָרן. אין יענעם יאָר איז דער פאַרזיי געווען אויף אַזאַ שטח:

| קאָלאָניע | צאָל קאָלאָניסטן | עלטער | פאַרזיי־שטח | דורכשניט |
|---|---|---|---|---|
| קלאַראַ סאַן־אַנטאָניאָ | 545 | 4 יאָר | 21.247 העקטאַר | 39 העקטאַר |
| לוסיענווילע | 87 | 2 " | 3.557 " | 41 " |
| מאַוריסיאָ | 187 | 4 " | 4.907 " | 26 " |
| מאָזעסווילע | 91 | 7 " | 7.557 " | 83 " |

מאָזעסווילע פאַראַקערט אין דורכשניט מער ווי דאָפּלט פון לוסיענ־ווילע און העכער דריי מאָל פון מאַוריסיאָ. דאָס האָט זיך אויסגעווירקט חוץ דער אַרבעטזאַמקייט פון די ליטוואַקעס אויך די אַדמיניסטראַציע פון משולם כהן, איינער פון די בעסטע אַדמיניסטראַטאָרן וואָס די יִיקאַ האָט ווען עס איז געהאַט.

די ליטוואַקעס פון מאָזעסווילע האָבן פון לכתחילה געהאַט מער צו־טרוי צו דער יִיקאַ און האָבן זיך ווייניקער געראַנגלט אַרום דעם ענין פון די ערשטע קאָנטראַקטן, וואָס האָט באַזאָרגט די קאָלאָניסטן פון די אַנדערע קאָלאָניעס. ווען די ערשטע קאָנטראַקטן זענען פאַרגעשלאָגן געוואָרן אין 1893 און 1894 זענען נאָך די ליטוואַקעס נישט געווען אין דער קאָלאָני־זאַציע. קעגן דער אָפּאָזיציע פון די אַנדערע קאָלאָניעס האָט די יִיקאַ אין 1895 פאָרגעלייגט אַ נייעם קאָנטראַקט. די איינציקע מעלה פון דעם נייעם קאָנטראַקט איז געווען דאָס וואָס די צייט אויף אויסצאָלן די נחלה איז פאַר־לענגערט געוואָרן ביז 20 יאָר.

עס זענען אָבער פאַרבליבן אַנדערע פונקטן, געגנוג דראַסטישע, וואָס זענען דורכגעלאָזט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע קאָנטראַקטן, ווי למשל אַז מען טאָר זיך נישט אָפּגעבן מיט קיין פי־צוכט, אַז מען מעג דינגען פעלד־אַרבעטער נאָר צום אַראָפּנעמען דעם שניט. בשעת אַלע אַנדערע קאָלאָ־ניעס האָבן זיך קעגנגעשטעלט אויף דעם קאָנטראַקט, האָבן אים די ליט־וואַקעס פון מאָזעסווילע אונטערגעשריבן. געווען פאַר דעם אַ זייער וויכ־טיקע סיבה: דער שניט פון 1896 איז געווען אַ שלעכטער. קאָלאָניסטן האָבן פאַרדינט סענטן ביים כאַפּן היישעריק, דרייסיק סענט אַ זאַק. אַלץ נייע קאָ־לאָניסטן האָבן נאָך די ליטוואַקעס באַקומען אַ סובסידיע פון דער יִיקאַ, 4

פעזעס אַ חודש פאַר אַ קינד יינגער פון 12 יאָר, און 8 פעזעס אַ חודש פאַר יעדער נפש עלטער פון 12 יאָר. ביי אַזאַ לאַגע האָט מען געמוזט אונטער־שרייבן די קאָנטראַקטן...

## קאָנטראַקט מיט אַ צוזאָג פון פאַרקויף

(טעקסט איבערזעצט פון שפּאַניש)

### קאָלאָניע נאָוואָבוג 1. קאָנטראַקט נומער 1039.

צווישן דער יידישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט (דזשויש קאָלאָניזיי־שאָן אַסאָסיאיישאָן) וואָס וועט להבא גערופן ווערן „די געזעלשאַפט", פון איין צד, און דעם ה' יאָסעלעוויטש חאַצקל (יחזקאל), וואָס וועט אין דעם קאָנטראַקט באַצייכנט ווערן ווי „דער קאָלאָניסט", פון צווייטן צד, איז גע־שלאָסן געוואָרן דער פאָלגנדיקער אָפּמאַך:

אַרטיקל 1. די „געזעלשאַפט" פאַרשפּרעכט צו פאַרקויפן דעם „קאָ־לאָניסט" יאָסעלעוויטש חאַצקל, אין דער קאָלאָניע נאָוואָבוג נומער 1, אין דעפּאַרטאַמענט אורוגוויי, פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, פאָלגנדיקע אומבאַוועגלע־כע גיטער: 1) אַ נחלה פון פופציק העקטאַר, 90 אַר, מיט 36 סענטיאַר. באָדן (נומער 81 פון פּלאַן) אויפן פּרייז פון 63 פעזעס דער העקטאַר. באַטרעף 3.206 פעזעס מיט 93 סענט; 2) אַביישטוביקן שטח (קינטאַ) (נומער 21), וואָס פאַרנעמט 4 העקטאַר, 4 אַר, און 80 סענטיאַר, אויפן פּרייז פון 63 פע־זעס דער העקטאַר; באַטרעף 255 פעזעס מיט 2 סענט. אַלעס צוזאַמען באַ־טרעפט דריי טויזנט פיר הונדערט 61 פעזעס מיט 95 סענט. 3.461,95.

אויסער דעם באַטרעף פון דער נחלה וואָס האָט אַ צוזאָג פון פאַרקויף, האָט די „געזעלשאַפט" געגעבן דעם קאָלאָניסט אַ פאָרשוס אין באַטרעף פון זיבן טויזנט צוויי הונדערט צוויי און זעכציק פעזעס מיט 43 סענט, פאַר רייזע־הוצאות, אויפבוי און איינאָרדענונג פון דעם הויז וואָס ער באַוווינט, קויף פון פי, אַרבעטס־מכשירים און מאַשינען, מעבל און אַנדערע זאַכן און זריעה ווי אויך פאַרשידענע שטיצע אַרויסגעגעבן צום קאָלאָניסט, לויט עס צייגט דער חשבון וואָס איז צוגעגעבן צום דאָזיקן קאָנטראַקט, און פאַר וועלכער סומע דער „קאָלאָניסט" דערקלערט זיך ווי אַ בעל־חוב פון דער „געזעלשאַפט".

דער „קאָלאָניסט״ פאַרפליכטעט זיך אויסצאָלן דער „געזעלשאַפט״ דעם פּרייז פון דער קניה, פון די אומבאַוועגלעכע גיטער, ווי אויך די אַנדערע פּריער אָנגעוויזענע סומעס, בס״ה 10.724,38 פּעזעס, מיט אַ צוגאָב פון 5 פּראָצענט יערלעך, אין צוואַנציק יערלעכע קוואָטעס פון אַכט הונדערט זעכציק פּעזעס מיט 55 סענט יעדע, פון וועלכער ער וועט איינצאָלן דעם ערשטן איינצאָל דעם 1טן אַפּריל 1901 און דעם לעצטן, דעם 1טן אַפּריל 1920.

דער „קאָלאָניסט״ וועט האָבן דאָס רעכט, מיט דער צושטימונג פון דער „געזעלשאַפט״, צו אָפּצאָלן אין פאָרויס יעדן יערלעכן אָפּצאָל און אין דעם פאַל ווערט ער באַפרייט פון די פּראָצענטער (5 פּראָצענט), וואָס ווערן דערמאָנט אין פאָריקן פּאַראַגראַף, און דאָס פאַר יעדן פאָרויסיקן איינצאָל.

אַרטיקל 2. דער „קאָלאָניסט״ פאַרפליכטעט זיך אָפּצוגעבן אומזיסט, אָן קיין פאַרגיטיקונג, די שטחים וואָס וועלן נייטיק זיין צו עפענען גאַסן, וועגן אָדער פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, שטענדיק ווען דאָס וועט געפאָדערט ווערן פון די געהעריקע קאָמפּעטענטע באַהערדן, אָדער עס וועט באַטראַכט ווערן ווי אַ נויטווענדיקייט מצד דער דירעקציע פון דער „געזעלשאַפט״ אין בוענאָס איירעס. דער אַלגעמיינער שטח פון די אַלע אָפּגעגעבענע שטחים וועט פעסטגעשטעלט ווערן פאַרן אַרויסגעבן דעם אייגנטום־שיין אויף דער נחלה וואָס ווערט דערמאָנט אין פּונקט 9, און אין דעם קויף־שיין וועט אָנגעצייכנט ווערן אַלץ אייגנטום פון „קאָלאָניסט״ דער שטח וואָס וועט אים בלייבן, ווען אַפילו אין דעם איצטיקן קאָנטראַקט פון אַ פאַרקויף־צוזאָג זאָל פיגורירן אַ גרעסערער שטח. עס ווערט אָבער אויך פאַרשטאַנען אַז אויב די „געזעלשאַפט״ וועט באַקומען וועלכע ס׳איז פאַרגיטיקונג פאַר די אָפּגעטראָטענע שטחים, וועט דער „קאָלאָניסט״ פון דעם בהנה זיין אין פּראָפּאָרץ מיט די שטחים וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען.

אַרטיקל 3. כל־זמן דער „קאָלאָניסט״ וועט נישט באַקומען דעם אייגנטום־שיין צו וועלכן עס באַציט זיך דער אַרטיקל נומער 9, וועלן נישט די נחלה, נישט די אַנדערע אומבאַוועגלעכע גיטער, נישט קענען צעטיילט ווערן בשום אופן, אין פאַל ווען דער קאָלאָניסט שטאַרבט, וועלן זיינע יורשים זיין מחויב, אונטער דער שטראָף אַז דער איצטיקער קאָנטראַקט זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַנולירט, אָננעמען די נייטיקע מיטלען בכדי אַז, אין אַלע פאַלן, זאָל די נחלה בלייבן נישט צעטיילט ביז דער פולשטענדיקער דעקונג

פון אַלע פאַרפליכטונגען צו דער „געזעלשאַפט" און דאָס אַרויסגעבן דעם דעפיניטיוון אייגנטום־שיין.

אַרטיקל 4. כל־זמן דער „קאָלאָניסט" איז נישט באַפרייט פון זיינע פאַרפליכטונגען צו דער „געזעלשאַפט", איז ער מחויב צו באַשטימען די נחלה וואָס ווערט דערמאָנט אין דאָזיקן קאָנטראַקט פון פאַרקויף־צוזאָג אויסשליסלעך צו אַגריקולטור און פי־צוכט. ער דאַרף זי פאַראַקערן אַליין אָדער מיט דער הילף פון זיינע פאַמיליע־מיטגלידער, אָדער פון אַנדערע קאָלאָניסטן פון דער „געזעלשאַפט", און ער קען זי נישט לאָזן באַאַרבעטן אָדער אויסנוצן אָן אַ שריפטלעכער צושטימונג פון דער „געזעלשאַפט". פון דעסטוועגן איז דעם „קאָלאָניסט" דערלויבט צו דינגען פעלד־אַרבעטער פאַר די צייטן פון אַקערן און דרעשען, אָן אַן אויסדריקלעכער דערלויבעניש. עס איז אים אויך פאַרבאָטן צו האָבן אָדער לאָזן איינשטעלן געשעפטן אָדער אינדוסטריעס אין דער נחלה וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן.

אַרטיקל 5. דער שניט פון יעדן „קאָלאָניסט" איז די גאַראַנטיע פון זיין חוב צו דער „געזעלשאַפט", אין משך פון דער גאַנצער צייט וואָס ער איז שולדיק אויף וועלכער ס'איז סכום, צוליב וועלכער ס'איז סיבה, און ער קען זיך נישט קעגנשטעלן קיין שום אויסנאַם. די „געזעלשאַפט" איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צאָל זעק מיט תבואה וואָס זענען דעפּאָזיטירט געוואָרן, אָן קיין שום אַנדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם וואָס איז דע־פּאָזיטירט געוואָרן אין פאַל פון אַן אומגליק. די „געזעלשאַפט" איז פריי צו פאַרקויפן די תבואה אויפן חשבון און ריזיקע פון „קאָלאָניסט" און אַזוי איינמאָנען דעם חוב וואָס קומט איר. אויב דער „קאָלאָניסט" האָט נישט גע־מאַכט אַליין דעם איינצאָל, מוז ער עס טאָן אין משך פון צוויי חדשים. אויב דער „קאָלאָניסט" באַצאָלט במזומן זיין גאַנצן חוב קען ער פריי דיספּאָנירן מיטן גאַנצן פּראָדוקט פון זיין שניט.

אַרטיקל 6. אַלע שטייערן און ביישטייערונגען וואָס זענען אָדער וועלן אַרויפגעלייגט ווערן דורך דער מאַכט אויף די נחלות, אָן קיין שום אויס־נאַם, זענען אויפן חשבון פון „קאָלאָניסט".

אַרטיקל 7. דער דאָזיקער קאָנטראַקט און אַלץ וואָס אין אים ווערט געזאָגט, וועט נישט קענען איבערגעגעבן ווערן אָדער פאַרמשכונט ווערן. די „קאָלאָניסטן" וועלן נישט קענען פאַרדינגען זייער באָדן, באַזעצן אים,

אָדער דערלויבן אַ זייטיקן מענטשן זיך באַזעצן אויף אים, אָן דער געשרי־בענער דערלויבעניש פון דער „געזעלשאַפט".

אַרטיקל 8. אין פאַל דער „קאָלאָניסט" וועט נישט דערפילן וועלכן עס איז פונקט פון דעם קאָנטראַקט, אָדער נישט צאָלן פּינקטלעך די יערלעכע אָפּצאָלונגען וואָס זענען פעסטגעשטעלט אין אַרטיקל נומער 1, וועט די „געזעלשאַפט" האָבן דאָס רעכט צו דערקלערן „איפּסאָ פאַקטאָ" דעם קאָנטראַקט פאַר אומגילטיק, איבערגעבנדיק דעם באַטרעפנדיקן באָדן, ווי אויך די געביידעס, פלאַנצונג און יעטוועדער אויסבעסערונג פון באָדן, אָן קיין שום פאָרמאַליטעט, און אָן דער התחייבות צוריקצאָלן דעם „קאָלאָניסט" דעם באַטרעף פון די אָפּגעמאַכטע איינצאָלונגען. זי בלייבט נישט שולדיק דעם „קאָלאָניסט" קיין צוריקצאָל אָדער פאַרגיטיקונג, וואָס איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אין דעם קאָנטראַקט. אַקטווירט דעם באַגריף פון אומגליק־פאַל (פּוערסאַ מאַזשאָר) וואָס ווערט איבערגעגעבן אויפן איינזען פון דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יק"אַ אין פּאַריז.

אַרטיקל 9. פון דעם מאָמענט וואָס דער „קאָלאָניסט" וועט האָבן באַצאָלט אינגאַנצן אַלע זיינע התחייבותן צו דער „געזעלשאַפט", וועט די זעלבע אונטערנעמען די שריט וואָס זענען פון איר אָפּהענגיק, און נאָמען פון דעם „קאָלאָניסט", אָדער זיינע יורשים, צי איבערשרייבן אויף זייער נאָמען די נישט־באַוועגלעכע גיטער וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם קאָנטראַקט, ביז דעם פולן איינצאָלן פון דער גאַנצער סומע וואָס דער „קאָלאָניסט קען שולדיק זיין דער „געזעלשאַפט", איז די דאָזיקע די איינציקע אייגנטימערין פון אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דער נחלה; דער „קאָלאָניסט" ווערט באַטראַכט בלויז ווי אַן אַרענדאַטאָר.

אַרטיקל 10. יעדער חילוקי־דעות וואָס קען אויפקומען צווישן דעם „קאָלאָניסט" און דער דירעקציע פון דער „געזעלשאַפט" אין בוענאָס איירעס, אַרום דער אויסטייטשונג און דורכפירונג פון דעם קאָנטראַקט, וועט איבערגעגעבן ווערן צום נישט־אַפּעלירבאַרן פסק פון אַן איינציקן בורר, און ביידע צדדים דערקלערן למפרע אָנצונעמען אַלס בורר די פּערזאָן מיט וויכאָרט אין בוענאָס איירעס, וואָס וועט יעדן יאָר באַשטימט ווערן דורכן פּרעזידענט פון דער חברה „כל ישראל חברים" אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל.

אַלס באַשטעטיקונג חתמנען ביידע צדדים דעם קאָנטראַקט, דעם 31סטן יאַנואַר 1901.

דזשוּיִש קאָלאָניזיישאָן אַסאָסיאיישאָן
ש. הירש     ד. קאַזעס

## צוגאָב־דיספּאָזיציעס

1

אין צייט פון שניט זענען די קאָלאָניסטן פון דער געזעלשאַפט מחויב צו העלפן זיך קעגנזייטיק, מיט אַרבעט, אַרבעט־פי און מכשירים; יעדע דיסקוסיע אַרום די ענינים וועט געלייזט ווערן פון אָרטיקן אַגענט פון דער געזעלשאַפט.

2

אויסער תבואה איז יעדער קאָלאָניסט מחויב צו האָבן און קולטיווירן אַ גאָרטן פון צוויי העקטאַר גרינוואַרג לכל הפּחות, ווי אויך אַן אַלפאַלפאַ־פעלד פון איין העקטאַר.

3

יעדער קאָלאָניסט דאַרף יערלעך פאַרפלאַנצן און קולטיווירן לכל־הפּחות הונדערטביימער אויף די גרענעצן פון זיין נחלה.

4

אויב אַ קאָלאָניסט האַקט־אויס זיינע ביימער, איז ער מחויב זיי אויס־צוּוואָרצלען.

5

פון צווייטן יאָר פון דעם קאָנטראַקט, דאַרף דער קאָלאָניסט אָנהייבן איינשטעלן דראָט־פאַרצוימונגען אַרום זיין נחלה און ער דאַרף פאָרזעצן די דאָזיקע אַרבעט, ביז פאַרענדיקן אין לעצטן יאָר פון זיינע צאָלונגען.

6

יעדער קאָלאָניסט איז מחויב מיטצושטייערן פאַר די הוצאות פון

שול, שולע, באָד, מעדיצינישע באַדינונג, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער באַפעל־קערונג פון דער קאָלאָניע און לויט די רעגלאַמענטן וואָס וועלן אָנגענומען ווערן.

וואָלט דער קאָנטראַקט מיט אַלע זיינע צוגאָבן גאָרנישט געווען אַזוי שרעקלעך, ווען די געדעטענישן וואָלטן געווען נאָרמאַלע, און דער קלי־מאַט אַ רעגלמעסיקער. אָבער אויך אין יאָר 1897 איז געווען אַ שלעכט געדעטעניש. כהן האָט אָרגאַניזירט עפנטלעכע אַרבעטן, בכדי די קאָלאָניסטן זאָלן פאַרדינען אויף חיונה. ער האָט זיך אָבער לסוף געכאַפּט, אַז די געגנט פון דער קאָלאָניע איז נישט צוגעפּאַסט פאַר תבואה־קולטיוו, דערפאַר אָבער קען זיך דאָרט זייער גוט אַנטוויקלען פי־צוכט; דער באָדן איז שטאַרק געאייגנט פאַר דער גראַד „אַלפאַלפאַ״, אַ גוטער פיטער פאַר פי; די קי דאַרפן פאַרביטן ווערן אויף ראַסאָווע, וואָס טראָגן מער פלייש און גיבן מער מילך; מען דאַרף אויך ראַפינירן די ראַסע פון די קי דורך ראַסאָווע בוהייעס.

די רעפאָרמעס וואָס מ. כהן האָט אָנגעהויבן דורכפירן, האָבן נישט געפונען קיין חן ביי אַ סך אַלטע קאָלאָניסטן; די גאַנצע קאָלאָניע איז דער־צו געווען דערשלאָגן פון דער פּטירה פון באַראָן הירש, אין 1896, פון די שטענדיקע דורכפאַלן פון שניט; די אומצופרידנקייט מיט דער קאָלאָניזאַ־ציע בכלל און מיטן אַדמיניסטראַטאָר משולם כהן בפרט וואַקסט, און די אומצופרידענע שיקן אין 1897 אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע קיין פּאַריז, כּפי נישט אַלע קאָלאָניסטן זענען מסכים געווען מיט דער דעלעגאַציע, און הרב ר׳ אהרון גאָלדמאַן האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן די חתימות אויף זייערע פולמאַכטן, האָט עס געטאָן דער גבאי פון חברה־תהילים, י. פויגל־מאַן. אָבער אין פּאַריז האָט ד״ר זאנאנפעלד באַמערקט, אַז די צאָל חתימות איז גרעסער פון דער צאָל קאָלאָניסטן, און ווו זענען עפּעס די קעגנער פון דער דעלעגאַציע? — הכלל, די דעלעגאַציע האָט אין פּאַריז קאַפּיטולירט, האָט פון דער יִקאַ געקראָגן אויף הוצאות צוריק, און אין קאָלאָניע איז שטיל געוואָרן.

די „טיראַניע״ פון משולם כהן האָט נאָך פּרץ הירשביין געקענט אויפכאַפּן בשעת זיין באַזוך אין 1914. שמועסנדיק מיט די קאָלאָניסטן וועגן דיביימער וואָס זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן ביי די קאָלאָניסטישע הייזער

און ביי די זייטן פון די וועגן, ווי אויך די עוקאַליפּטוס־וועלדלעך אין צענ־טער פון דער קאָלאָניע, האָט ער באַקומען אַזאַ דערקלערונג:

„געווען אַמאָל אַן אַדמיניסטראַטאָר אין דער קאָלאָניע, אַ דיקטאַטאָר און אַן אכזר, אַן עוכר ישראל, — משולם כהן האָט ער געהייסן, — האָט ער געצוווּנגען ייִדן פּלאַנצן ביימער, אַרבעטן פאַרן טייוול, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן"... (פון פּרץ הירשביינס ווערק „פון ווייטע לענדער").

אָבער נישט אַלץ איז געווען טרויער אין קאָלאָניע. דעם זעלבן יאָר פון דער פּטירה פון באַראָן הירש (1896), איז אין מאָזעסוויל באַניִיט גע־וואָרן די שול, וואָס האָט געזאָלט טראָגן דעם נאָמען פון דער באַראָנעסע קלאַראַ בישאָפסהיים־הירש, אָבער צוליבן טויט פון באַראָן, איז די שול אָנ־גערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען. די באַראָנעסע האָט צוגעשיקט דער שול אַ מתנה: אַ הדס און אַ בשמים־ביקסל, וואָס האָבן געהערט צו איר פאָטער, דעם בעלגישן סענאַטאָר רפאל יונתן בישאָפסהיים.

דעם זעלבן יאָר באַפרייט די אַרגענטינער רעגירונג די ייִקאָ פון שטייערן, ווייל די געזעלשאַפט ווערט באַטראַכט ווי אַן אונטערנעמונג פון היכער וווילטעטיקייט.

עס הייבט זיך אויך אָן צו אַנטוויקלען דער שולוועזן פון דער ייִקאָ, אַז קאָלאָניסטישע קינדער זאָלן נישט וואַקסן קיין איגנאָראַנטן. דער ער־שטער לערער פון דער ערשטער שולע, דערעפנט אין מאָזעסוויל אין 1895, איז געווען הרב ר' ראובן מרדכי סיני, וואָס איז אויך געווען אַ קאָלאָניסט אין דער גרופּע פון „צוועלפער", ס'הייסט — צוועלף הייזער.

אין די אַנדערע ייִקאַ־קאָלאָניעס איז די לאַגע געווען נישט פיל בע־סער און אפשר נאָך אַ ביסל ערגער. אין 13טן יאַנואַר 1899, דערשיינט אין די „קראָקאָווער ייִדישער צייטונג" אַ „וויי־געשריי פון אַרגענטינע", אונטערגעשריבן פון 239 „קאָלאָניסטן" און „ציוניסטן", פון וועלכן מיר ברענגען דאָ די וויכטיקסטע אויסצוגן. קודם־כל דאַנקען זיי פאַרן אינטע־רעס וואָס דער 2טער ציוניסטישער קאָנגרעס פון 1898 האָט אַרויסגעוויזן צו דער לאַגע פון די ייִדישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע. און דאַן ווערט געזאָגט:

„באַשרייבן די לאַגע פון די פאַרגאַנגענע יאָרן זענען מיר נישט בכוח. מיר האָבן נישט מער קיין האָפענונג. פריִער האָט מען אונדז געהאַלטן פאַר אומטויגלעך צו פעלדאַרבעט, אָבער איצט באַווייזט די סטאַטיסטיק,

אַז מיר טויגן זיך גראָד אויס צו דער פּראָפעסיע; אַז מיר האָבן געטאָן די שווערסטע מלאכות: אונדזערע פאַמיליעס באַאַרבעטן פון 50 ביז 100 העקטאַר לאַנד (יעדע). קיינער זאָגט נישט, אַז אונדזער אַרבעט טויג נישט. (אָבער) „יעדן יאָר קומט דער היישעריק און פאַרטיליקט די ביטערע האָרעוואַניע אין משך פון אַ פּאָר שעה... נאָכן היישעריק בלייבט די ערד פונקט אַזוי ווי מען וואָלט קיין מאָל נישט געאַקערט און פאַרזייט. מיר זענען געוואָרן אָפּגעשוואַכט, טרויעריק און פול מיט פּחד... קיין איינציקער דערבאַרעמט זיך נישט איבער אונדז. די אַדמיניסטראַציע האַלט, אַז די ערד מוז אונדז דערנערן; האָט דערפאַר בדעה לחלוטין אָפּצושטעלן די אונטערשטיצונג, מיר זאָלן סוף כל סוף ווערן אויסגעלייזט פון די ליידן דורך אַ הונגער־טויט".

„מיר ווילן נישט קיין לוקסוס, קיין פּאַרגעניגן, נאָר פּשוט אַ טרוקן שטיקל ברויט". דער בריוו איז דאַטירט אין קאָלאָניע קלאַראַ, דעם 25סטן נאָוועמבער 1898. אַזוי האָט אויסגעזען די לאַגע אין אייניקע קאָלאָניעס צו יענער צייט.

צוליב די אָפטע סיכסוכים מיט די קאָלאָניסטן, האָט די יק"אַ אָפּגעשטעלט די קאָלאָניזאַציע, בעיקר פון קאָלאָניסטן וואָס מען האָט געבראַכט און וועלכע קענען האָבן אַ טענה: שיקט אונדז אָפּ צוריק פון וואַנען איר האָט אונדז גענומען. אָבער די מאָזעסווילער ליטוואַקעס נעמען אונטער אַן איניציאַטיוו אַליין אַראָפּצוברענגען זייערע קרובים, מיט וועלכע זיי זענען פאַרשטענדלעך געשטאַנען אין אַ בריוולעכער פאַרבינדונג.

די יק"א איז מסכים אויפצונעמען נייע פּופציק משפחות אויף פאָלגנדיקע תנאים:

דער קאָלאָניסט מוז קומען אויף אייגענע הוצאות. די יק"א וועט אַפילו נישט מיטשטייערן צו דער נסיעה פון דעם דעלעגאַט וואָס די קאָלאָניסטן ווילן שיקן אויף צו ברענגען זייערע קרובים; וועט דעם נייעם קאָלאָניסט נישט געפעלן די קאָלאָניזאַציע, דאַרף ער פאַרלאָזן די קאָלאָניע אָן קיין שום טענות צו דער יק"אַ.

די ליטוואַקעס נעמען אָן די אַלע באַדינגונגען און ר' נח קאַצאָוויטש ווערט דעלעגירט צו פאָרן ברענגען די קרובים.

אין מאַי 1899, פאָרט ה' קאַצאָוויטש אַרויס קיין רוסלאַנד און כאָטש זיין מיסיע ווערט היפּש געשטערט פון פּאַסקווילן, וואָס מען צעשיקט פון

בוענאָס־איירעס, אין וועלכע מען וואַרפט אויף אים די שרעקלעכסטע ביל־בולים, געלינגט אים צוזאַמענצושטעלן אַ גרופּע, קריגן דורך דער פאַר־מיטלונג פון דוד פיינבערג אַ הלוואה פון באַנקיר וואַוועלבערג אויף הו־צאות הדרך, און דעם 15טן יולי 1900 איז די גרופּע פון פופציק אָנגעקו־מען קיין מאָזעסוויל און האָט זיך באַזעצט: 26 משפחות אין וואַוועלבערג, אַ נאָמען לכבוד דעם וואָס האָט דערמעגלעכט זייער נסיעה, און 24 אין ווירגיניאַ, צווישן מאָזעסוויל און דער ניי־דערעפנטער באַן־סטאַנציע. די היי־זער אין ווירגיניאַ שטייען נישט צוזאַמען, נאָר אויסגעצויגן אין אַ ליניע פון עטלעכע קילאָמעטער, צו פיר הייזער אויף יעדן.

אין 1901 קומט קיין מאָזעסוויל נאָך אַ גרופּע פון ליטווישע פאַמי־ליעס, וואָס עס האָט אָרגאַניזירט דער שפּעטער אָנגעזעענער יידישער זשורנאַליסט גדליהו בובליק ע״ה; זיי ווילן זיך באַזעצן אין אַ ליניע ענ־לעך צו דער פאַבריקער, וואָס זיי ווילן אַ נאָמען געבן ביאַליסטאָק, ווייל פיל פון זיי האָבן געשטאַמט פון ביאַליסטאָק און איר אומגעגנט.

אין מאַי 1901 פאָרט ר׳ נח קאַצאָוויטש נאָך אַ מאָל אַרויס קיין רוס־לאַנד, צו ברענגען קאָלאָניסטן. אין יאַנואַר 1902 פאַרשיפט ער 31 פאַמי־ליעס, וואָס באַקומען אויף זייערע הוצאות אַ הלוואה פון באַראָן גינזבורג. ר׳ נח קאַצאָוויטש באַגלייט זיי פון ליבאַווע ביז האַווער, און קערט זיך אום צוריק אויף צו ברענגען נאָך אַ גרופּע פון 25 משפחות, וואָס ווילן אָנקו־מען אין סעפּטעמבער 1902.

דעם זעלבן יאָר 1901, ברענגט ה׳ אַווערבוך אַ גרופּע פון פופציק פאַ־מיליעס פון רומעניע און באַזעצט זיי אַרום דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס, אין ליניען וואָס טראָגן דעם נאָמען פון דעם הויפּט־ראַבינער פון פראַנקרייך, הרב ר׳ צדוק הכהן.

אַזוי וואַקסט אויס מאָזעסוויל פון 91 קאָלאָניסטן אין 1896 אויף הע־כער 250 אין 1902. העכער אַ העלפט פון דער קאָלאָניע באַשטייט פון קאָ־לאָניסטן וואָס זענען געקומען אויף אייגענער איניציאַטיוו און זענען גע־וואָרן דער פעסטער יסוד פון מאָזעסוויל, וואָס דערהאַלט די קאָלאָניע ביז הייַנט.

דאָס איינלעבן זיך אין דער נייער היים איז אַפילו פאַר די אויסגע־פּרוווטע ליטוואַקעס נישט אָנגעקומען לייכט. דאָס קען מען אַרויסזען פון אַ בריוו, וואָס די ניי־אָנגעקומענע האָבן געשריבן צו זייערע קרובים אין דער

אַלטער היים. געווען איז אַ סך אָפּהענגיק פון דעם כאַראַקטער פונעם בריוו־שרייבער, פון זיינע נטיות צו פּעסימיזם אָדער אָפּטימיזם. אָבער דאָך באַקומט זיך אַ פיינער אַריינבליק אין די איבערלעבונגען פון די ניי־אַראָפּגעבראַכטע אין די ערשטע שווערע יאָרן. ברענגען מיר דאָ אויסצוגן פון זעקס בריוו: דריי פון 1899 און דריי פון 1901.

שרייבט שרה דלוגאָוויצקי אין 1899:

„אַז מען איז פאַרשיקט געוואָרן אַזוי ווייט. פון איין קאָלאָניע צו דער צווייטער איז דריי מייל. ווען מען גייט אַרויס, זעט מען נאָר הימל און ערד; דאָס איז נישט ווי אין שטאָט... מיר איז דאָ בעסער ווי אין סלאָנים, פון דעסטוועגן בענק איך נאָך אַ שטאָטישן לעבן".

ביילע העלער, שרייבט דעם זעלבן יאָר צו איר ברודער בערל טרומפּער:

„מיר האָבן געשניטן צען העקטאַר אַלפאַלפאַ, האָבן מיר געלייזט הונדערט פּעזעס; האָבן מיר געקויפט צוויי מעסטיסע (ראַסאָווע) זשעגוועס (שקאַפּעס), צוויי־יאָריקע, זיי קאָסטן צו 175 פּעזעס יעדעס. אין רוסלאַנד וואָלטן זיי געקאָסט צו 500 רובל. אַז גאָט וועט אייך ברענגען בשלום, וועלן מיר פאָרן צו דער סטאַנציע אויף זיי. דערוויל שפּאַנען מיר זיי נישט, מיר מוזן מאַכן פאַר זיי עקסטרע כאָמענטעס".

נאָך אָפּטימיסטישער איז מתתיהו גראַבולסקי, וועלכער שרייבט אין 1899:

„מיר האָבן געבויט אַ שטוב פאַר אונדזער געלט, געקאָסט 500 טאָלער (פּעזעס). האָבן מיר צוויי הייזער (צימערן). מיר פעלט ח"ו גאָרנישט. מיר פעלט נאָר, אַז מיינע אָרעמע שוועסטער זאָלן קומען... מיט אייערע מיידלעך זאָלט איר גאָרנישט זאָרגן, איר וועט טאָן מיט זיי די בעסטע שידוכים".

און י. בערעזאָווסקי, שרייבט אין אַ צווייטן בריוו:

„ אַ חתן קען מען דאָ קריגן, גרינגער ווי אַ טלית..."

מיכל קאסטיאַנאָווסקי שרייבט פון מאָזעסוויל אין 1901:

„גלייבט נישט די ביאַליסטאָקער וואָס שרייבן קיין רוסלאַנד נישט קיין גוטע נייעס, ווייל די שטאָטלייט זענען געוווינט צו גיין מיטן שטעקעלע אין האַנט, מיטן ציגאַר אין מויל, עסן דעם שיטערן קרופּניק און גיין אין גאַס און קאַלופּען זיך די ציין... פון לעבן מיטן שווינדל, און קיין אַרבעט אין פעלד ווייסן זיי נישט, פון קי מעלקן ווייסן זיי נישט. דערפאַר דאַכט זיך זיי, אַז אַלץ איז אוממעגלעך".

אָבער אָשר הלל לעוו גיט אין א בריוו פון 1901, גאָר אַן אַנדער בילד:

„די הימלען זענען טרוקענע, דאָס לאַנד איז פול מיט ווערעם און אינזעקטן, שלענג און עקדישן, וואָס שעדיקן גאָר אָפט די מענטשן... דאָס אָנטועכץ און די תבואות מוז מען האַלטן אין אייזערנע קאַסטנס... ברויט און אַלע מינים עסנוואַרג איז זייער טייער, אַלץ ווערט פאַרלענדט פון מייז, ווערעם און אַנדערע שלעק. די וואַסערן זענען פול מיט שלענג, עקדישן און קראָקאָדילן. די קי, בוהייעס און פערד אַטאַקירן דעם מענטשן ווי ווילדע חיות. אויך זענען פאַראַן רוצחים צווישן די שפּאַניער און לית דין ולית דיין..."

אָפּטימיסטישער און מיט מער בטחון שרייבט יאָשע־בער רעכאוויצקי פון מאָזעסוויל:

„...עס איז געווען זייער אַ שלעכט יאָר. מיר זענען גרויסע בעלי־חובות. מיר האָבן נישט געהאַט אַפילו מיט וואָס צו צאָלן די שפּייזן (הוצאות) פון דער קאָסעטשע (שניט), פאַר זעק, דרעשען און אַנדערע הוצאות. נאָר געלויבט דער אייביקער, מיטן לעבנסמיטל קומט מען דורך. מיר האָבן פאַרקויפט אַ ביסל „פּריפלאָד" (צוואַקס) פון בהמות, פיר־יאָריקע ביקעס האָבן מיר געהאַט... מיר וועלן אָנהייבן פירן מילך, וועט אונדז נישט פעלן פון וואַנען צו לעבן...".

ווי עס איז צו זען פון די אויבן דערמאָנטע בריוו, האָט דער כאַראַקטער פון די קאָלאָניסטן געשפּילט אַ גאַנץ היפּשע ראָל ביים אָפּשאַצן די סיטואַציע.

משולם כהן האָט אויך באַזאָרגט די קאָלאָניע מאָזעסוויל מיט אַן אייזנ־

באַן־ליניע. די ייִקאַ־קאָלאָניזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט פּאַראַלעל מיט דעם אייזנבאַן־נעץ פון לאַנד. מיר האָבן שוין געזען, אַז ווען מאָזעסוויל איז געגרינדעט געוואָרן, איז די באַן־ליניע קיין טוקומאַן געווען דורכגעלייגט ביז דער סטאַנציע סונטשאַלעס, אַ דרייסיק קילאָמעטער פון מאָזעסוויל.

אויך אין ענטרע־ריאָס האָבן קאָלאָניסטן און קאָלאָניעס געדאַרפט וואַרטן ביז מען וועט דורך געוויסע געגנטן דורכפירן אייזנבאַן־ליניעס, אָדער אייזנבאַן־צווייגן.

אייניקע ייִקאַ־קאָלאָניעס זענען מיט אַ כוונה געגרינדעט געוואָרן ווייטער פון די באַן־ליניעס, אפשר בכדי דערמיט צו האַמעווען דעם אימפּולס צו אַנטלויפן אין שטאָט, ביי די ערשטע אומפּאַרמיידלעכע שוועריקייטן אין דער קאָלאָניזאַציע.

מאָזעסוויל ליגט צווישן צוויי אייזנבאַן־ליניעס; איינע אויף מזרח — די פּראָווינציעלע ליניע פון סאַנטאַ־פע, וואָס האָט געהערט צו אַ פראַנצויזישער קאָמפּאַניע, און אַ צווייטע ליניע אויף מערב, וואָס האָט געהערט צו אַן ענגלישער געזעלשאַפט. די קאָלאָניע ליגט 12 קילאָמעטער פון דער ערשטער און 16 קילאָמעטער פון דער צווייטער באַן־ליניעס. די וועגן זענען געווען שלעכטע. אַרויספירן דעם פּראָדוקט, וואָס מען האָט שוין יאָ געהאַט, איז אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן. מישל כהן האָט אַזוי לאַנג געדריקט אויף דער פראַנצויזישער באַן־ליניע, דערוויזן איר די לוינבאַרקייט פון דורכפירן אַן אָפּצווייג פון דער זעלבער אין דער קאָלאָניע, ביז די געזעלשאַפט האָט אָנגענומען זיין שטאַנדפּונקט און מאָזעסוויל האָט באַקומען אַ באַן־סטאַנציע.

דער גרויסער פאָרשריט פון דער קאָלאָניע מאָזעסוויל אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון ה׳ מישעל (משולם) כהן איז אַזוי אויגנשיינלעך, אַז ער ווערט אַפילו באַמערקט אין די רעגירונגס־קרייזן פון דער פּראָווינץ. דער גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ, ה׳ בערנאַרדאָ איסורראַספּע, שיקט אַריין דעם 29סטן יאַנואַר 1902 אַ בריוו דעם אַדמיניסטראַטאָר כהן, אין וועלכן ער זאָגט צווישן אַנדערעס:

„דער פינאַנס־מיניסטער ד״ר אַלדאָאַ האָט, נאָך אַ באַזוך אין אייער קאָלאָניע, מיר צוגעשיקט אַ זייער צופרידנשטעלנדיקן באַריכט וועגן דעם פאָרשריט וואָס די קאָלאָניע האָט געמאַכט אונטער אייער גלענצנדיקער אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט אויף אַ פּראַקטישן אופן געלייזט די פראַגן פון דער

קאָלאָניזאַציע, וואָס האָבן זיך פון לכתחילה אָנגעשטויסן אויף גרויסע שווע־ריקייטן אין די פֿאַבריקע פאַרזוכן".

„נעמט אַלזאָ צו מיינע בעסטע באַגריסונגען צום דערפֿאָלג פון אייער טעטיקייט און פאַר דער גוטער אָרגאַניזירטקייט פון אייער אַדמיניסטראַציע אין אַלע איינצלהייטן. איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין, ווען איר וועט זיין אַזוי גוט און איבערזעצן די דאָזיקע באַגריסונגען צו די דירעקטאָרן פון אייער געזעלשאַפט, וועלכע איך שאַץ אָפּ אין איר פולן ווערט"...

אָבער אין דעם זעלבן יאָר וואָס מיגעל כהן האָט דערהאַלטן אַזאַ שבח פון דער פּראָווינציעלער רעגירונג, איז ער פון דער יִיקאַ־דירעקציע פאַר־ביטן געוואָרן אויף אַ נייעם אַדמיניסטראַטאָר, אַרטוראָ באָב, און עס ברעכט אויס אַ קאָנפליקט צווישן דעם נייעם אַדמיניסטראַטאָר און די קאָלאָניסטן. אַרטוראָ באָב האָט ביי אַ געלעגנהייט באַשולדיקט די קאָלאָניסטן ווי פוי־לענצער און טויגעניכטסן. די קאָלאָניסטן, ליטוואַקעס, ווי נישט ליטוואַקעס, ווילן די באַליידיקונג נישט פאַרטראָגן און זיי ווענדן זיך צו דער יִיקאַ־די־רעקציע מיט אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום, פון וועלכן מיר ברענגען אַ פּאָר אויסצוגן:

„דער ה' באָב זאָגט, אַז יִדישע טאָגלוינער זענען נישט פעיִק צו אַר־בעטן און דערצו פוילענצער. קריסטן האָבן גראָד אַן אַנדער מיינונג. אונדזע־רע שכנים: איטאַליענער, דייטשן, פראַנצויזן, זוכן נאָר יִדישע אַרבעטער און צאָלן זיי פיל טייערער ווי די קריסטלעכע. צו די דרעש־מאַשינען נעמט מען נאָר יִדישע טאָגלוינער, און ווען אַפילו די יִדן אַרבעטן נישט שבת, קריגן זיי דאָך בעסערע לוינען".

און ווייטער:

„מיר האָבן אָנגענומען אויסוואָרצלען די ביימער אין די יִיקאַ־וועלדער און האָבן דערביי פאַרדינט שווערע טויזנטער. די באַן־געזעלשאַפטן האָבן גענומען פיל יִדישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן שוין אייניקע מאָנאַטן, און מען איז מיט זיי שטאַרק צופרידן. אָבער די יִיקאַ־אַדמיניסטראַציע האָט אָפּ־געגעבן דאָס אויסוואָרצלען פון ביימער אין אירע אַנדערע וועלדער דווקא צו „גאַוטשאָס", וואָס מאַכן אַן פיל שאָדן אין דער קאָלאָניע".

דעם זעלבן יאָר פירט זיך אין אַלע קאָלאָניעס אַ שאַרפער געראַנגל אַרום די נייע קאָנטראַקטן, וואָס די יִיקאַ שלאָגט פאָר אונטערצושרייבן, און

די קאָלאָניסטן פאָדערן, אַז פריִער זאָלן אויסגעבעסערט ווערן אייניקע פונק־טן, ווי למשל:

1) דער פאַרקויף פון דער נחלה דאַרף זיין אַ דעפיניטיווער, נישט קיין „צוזאָג צו פאַרקויפן", ווען דער קאָלאָניסט וועט ענדיקן צאָלן דעם באַטרעף אין יערלעכע ראַטעס;

2) די אַרבעטס־מכשירים (רעמאַנענט) זאָלן זיך נישט געפינען ווי אַ דעפּאָזיט אונטערן קאָנטראָל פון דער אַדמיניסטראַציע, אַזוי אז דער קיום פון קאָלאָניסט איז שטענדיק אָפּהענגיק פון דעם ווילן (און אפשר אויך קאַפּריז) פון אַדמיניסטראַטאָר;

3) צוגעבן אַ פּונקט, אַז אין פאַל פון אַ סטיכישן אומגליק, אומגערע־טעניש וכו' ווערט דער אומפאַרמעגלעכער קאָלאָניסט באַפרייט אין דעם יאָר פון צאָלן די ראַטע, וואָס בלייבט אַ חוב;

4) איינשטעלן אַ בוררות־געריכט, צווישן דער יִקאַ־אַדמיניסטראַציע און די קאָלאָניסטן;

5) נישט צונעמען די נחלה אין פאַל עס ווערט איין מאָל נישט געצאָלט די יערלעכע ראַטע, נאָר אַרויפלייגן אויפן קאָלאָניסט אַ געלט־שטראָף פאַר נישט דערפילן דעם אָפּמאַך;

6) דער קאָלאָניסט זאָל האָבן דאָס רעכט צו באַצאָלן זיין נחלה צו יעדן מאָמענט ווען ער איז עס בכוח צו טאָן, און נישט וואַרטן ביזן סוף פון די 20 יאָר וואָס דער קאָנטראַקט באַשטימט. דערצו פאָדערן די קאָלאָניסטן, אַז מען זאָל טוישן דעם אומטויגבאַרן באָדן אויף אַ מער פרוכטבאַרן.

אַ קאָמיסיע פון 14 פערזאָן האָט פאַרהאַנדלט מיטן נייעם דירעקטאָר, ה' וואַלטער מאַסס, וועלכער איז געווען גענוג העפלעך און האָט נאָכגעגעבן אייניקע פאָדערונגען פון די קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן פילן אַ ביסל פעסטער און ריידן מיט די יִקאַ־דירעקטאָרן ווי גלייכע מיט גלייכע. די ליטווישע עקשנות סיי אויפן פעלד, סיי ביים באַראַטונגס־טיש, האָט דער־ביי געשפּילט אַ גענוג וויכטיקע ראָל.

אין דער קאָלאָניזאַציע האָט יעדער איינער געפילט דעם טעם וואָס זיין האַרץ האָט אים דיקטירט, ממש ווי אין דער לעגענדע וועגן מן, וואָס די אָבות־אבותינו האָבן געגעסן אין מדבר, צווישן מצרים און כנען.

מיר האָבן שוין געזען סיי פעסימיסטישע, סיי אָפּטימיסטישע אָפּשאַ־

**צונגען פון קאָלאָניסטן, איז כדאי צו זען, ווי עס האָט אויפגענומען די קאָלאָ־ניזאַציע דער אויסדרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג פון יונגן ישוב: די יידישע פרעסע, וואָס איז אויפגעקומען אין אַרגענטינע אין 1898.**

**לייענען מיר אין דער „פאָלקסשטימע”, וואָס האָט יענעם יאָר אָנגע־הויבן דערשיינען אין בוענאָס־איירעס, אַזאַ מין קלאָג־ליד, וועגן מאָזעסוויל:**

מאָזעסוויל איז נישט רייך
מיט טאָלן, בערג און מערן (ימים),
דערפאַר איז דאָרט פאַראַן אַ טייך
טייך פון הוילע טרערן
הייסע טרערן פון געדריקטע
און שוואַכע איבעראַל:

שווערע זיפצן און געשטיקטע
בילדן דאָרט אַ קוואַל
גרעסער ווערט דער קוואַל פון טאָג צו טאָג,
טיף, ווי טיפסטער מער
יעדן טאָג אַ נייע קלאָג
יעדן טאָג אַ פרישע טרער.

**אַנדערש האָבן געזען די קאָלאָניזאַציע, די מערהייט קאָלאָניסטן, גאָר אַנדערש האָט זי געזען דער דיסקוטירבאַרער רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס־שטימע”, א. ווערמאנט.**

קאַפּיטל 9

# בילדלעך פון דער אַמאָליקער מאָזעסוויל

(לויט זכרונות פון אַדאָלפאָ טראַכטענבערג)

אין 1901 האָט די יי״קאַ־אַדמיניסטראַציע אין מאָזעסוויל אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן אַ קיילעכדיקן שטח אין רעכטן צענטער פון דער קאָלאָניע, האָט אים פאַרפלאַנצט מיט עוקאַליפּטוס־ביימער, און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די צוקונפטיקע „פּלאַסאַ״. די עוקאַליפּטוס האָבן זיך שנעל און גוט אַנטוויקלט, און מאָזעסווילער קאָלאָניסטן האָבן אָפטער זיך גע־קענט אָפּרוען אונטער דעם געדיכטן שאָטן פון די ביימער.

דער צענטראַלער פּונקט פון דער קאָלאָניע איז דאַן געווען נעבן דעם הויז פון דער פאַמיליע וויסבורד; דאָרט איז געשטאַנען אַ לאַנגע באַנק, וואָס מען האָט גערופן „די זאָרג־באַנק״, ווייל מען האָט דאָרט אויסגעזאָרגט אַלע דאגות פון דער קאָלאָניע, און פון די אימיגראַנטן וואָס פלעגן אָפט אָנקומען.

די פאַמיליע וויסבורד: דער פאָטער ר׳ ישראל ע״ה, דער עלטערער זון יצחק, יבדל לחיים, און דער צווייטער זון גבריאל, האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניע. ביי דער זאָרג־באַנק פלעגן זיך קאָנצענטרירן די אימיגראַנטן וואָס האָבן געזוכט אַרבעט, און קאָלאָניסטן פלעגן קומען אַהין בכדי צו דינגען אַרבעטס־הענט; עס איז געווען אַ מין אַרבעט־בירזשע פון דער קאָלאָניע.

די קאָלאָניע האָט שוין דאַן געהאַט גייסטיקע און ליטעראַרישע אינ־טערעסן. אין 1904 איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט דעם נאָמען „כווענטוד איזראַעליטאַ״, דער איניציאַטאָר פון דער ביבליאָטעק איז גע־ווען יצחק־אייזיק וויסבורד.

שפּעטער איז צוגעקומען דער לערער מרדכי וואָלאַך, וואָס האָט גע־

האָט אַ ליי־ביבליאָטעק, פון וועלכער מ'האָט געקענט אַרויסנעמען ביכער צום לייענען, פאַר פופציק סענט אַ מאָנאַט.

די „לאַ מוטואַ" האָט שוין דאַן געהאַט אַביסל ביכער פאַר די קאָלאָ־ניסטן, וואָס האָבן געהאַט אינטערעס צו לייענען.

שבת און יום־טוב האָט מען געדאַוונט אין דער שול באַראָן הירש, די איינציקע שיל אין דער קאָלאָניע, און עס פאַרשטייט זיך אַז יוגנט האָט נישט פאַרפעלט צו כאַפּן אַ שמועס אין דעם וועלדל פון פאַראַיזן־ביימער, וואָס איז געווען לעבן דער שיל.

אָבער באַלד נאָך מיטיק פלעגט שוין דער אַלטער פייגעלמאַן, גבאי פון חברה תהילים, אַרויסגיין וועקן די עלטערע מענטשן צום „תהילים" זאָגן. דער קול פון די תהילים־זאָגער פלעגט זיך ווייט צעטראָגן איבער דער קאָלאָניע.

בשעת דער מלחמה צווישן רוסלאַנד מיט יאַפּאַן האָבן אָנגעהויבן אָנ־קומען אין קאָלאָניע די אַנטלאָפענע, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט מישן צווישן די „קיסרים". אַ סך פון זיי זענען געווען פאַכמענער. זיי האָבן גע־קויפט פלעצער ביי דער יִקאַ אַרום דער פּלאַסאַ, זיך אויפגעבויט הייז־קעס און געבליבן תושבים.

חוץ דער שיל באַראָן הירש זענען שפּעטער צוגעקומען דער מנין אין הויז פון משה דאָלינסקי, די ברענער־שיל, ווו עס האָבן געדאַוונט בעיקר יִדן סוחרים און די ליטווישע שיל.

צווישן די וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, זענען געווען אייניקע מאַטראָסן פון דער קריגס־שיף „פּאָטיאָמקין". די יִנגערע פון צווישן זיי, האָט זיך פאַרגלוסט איינצואָרדענען אַ קאַרנאַוואַל מיט אַ קאָרסאָ; אין קאַרנאַוואַל האָט מען געשלעפּט אַ שיפל מיט פערד. אָבער די עלטערע באַלעבאַטים האָבן פאַרמסרט דעם ענין צום רב, ר' אהרן גאָלדמאַן ז"ל, וועלכער האָט פאַרזאָגט, אַז מער זאָל מען אַזעלכע פאַראַנ־שטאַלטונגען נישט דורכפירן, און זיין וואָרט איז געווען געזעץ.

אומדערוואַרטעט איז אָנגעקומען אין קאָלאָניע אַ יִדישע טרופּע אָנ־געפירט פון פינקלשטיין־גוטענטאָג. אין דער טרופּע האָבן זיך אויך באַ־טייליקט די אַרטיסטין מאַרסעלאַ לעווין מיט איר מוטער. קיין סאַלאָן אויף שפּילן טעאַטער איז דאַן אין קאָלאָניע נישט געווען, אָבער מען האָט דאָך נישט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט, האָט ר' ישראל ווייסבורד פאַר־

רופן אַלע מוליערעס פון שטעטל, מ׳האָט אויפן הויף אויפגעשטעלט אַ בנין מיט אַ בינע און דאַך, און מען האָט געשפילט טעאַטער.ליידער האָט אויס־געבראָכן אַ שטורעם מיט אַ שלאַקס־רעגן, און דער עולם איז זיך צעלאָפן.

שפּעטער איז צוגעקומען דער סאַלאָן פרידמאַן, און דער סאַלאָן וואָס־קאָבוויניק, ווו מאַקס מאַריענהאָף האָט געשפילט „עקדת יצחק״, און האָט אַרויסגעפירט אויף דער בינע דעם אייזל, זאָגנדיק: „דאָ זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע ווי דו״. עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל און מאַרינאָוו האָט זיך גע־מוזט פאַרענטפערן.

צו יענער צייט איז שוין אין דער קאָלאָניע געווען אַ גרויסע שולע, געבויט פון דער יק״אַ. אין שולע האָבן געלערנט דער ספרדי יוסף סאַבאַ, און זיין פרוי יהודית, די לערער הלוי, מ. וואָלאַך, ש. שראַגאָוויטש און י. דיסקין. געווען נאָך אַ לערער וואָס פלעג שלאָגן די קינדער מיט אַ שטע־קעלע, האָט מען אים אָפּגעזאָגט.

אין 1911 איז געגרינדעט געוואָרן די „קדימה״, וואָס האָט זיך צונויפ־געגאָסן מיט דער יוגנט־ביבליאָטעק. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קרייז פון טעאַטער־ליבהאָבער: יודל ראָסיאַנסקי, דוד וויסענבערג ע״ה, משה דייטש, חנה גלעמבאָצקי, דבורה סלאָער און אַנדערע.

די טרופּע, אָנגעפירט פון גאָלדענבערג, האָט געמוזט געבן אירע אויפ־פירונגען אונטערן קאָנטראָל פון דער „קדימה״.

אברהם יאָהאַנעס, אַ גוטער מוזיקער, האָט שפּעטער געגרינדעט אַן אָרקעסטער, וואָס פלעגט באַשיינען די שבת־פאַרנאַכטן ביז שפּעט אין אָוונט.

ביסלעכווייז האָבן זיך אין קאָלאָניע איינגעבירגערט אַרבעטער, וואָס האָבן געשניטן און געפּרעסט אַלפאַלפאַ, און געטאָן אַנדערע פעלד־אַרבעטן. אָבער עס זענען אויך געווען קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געהאַלטן אויף זייערע נחלות פּאָליאַקן מיט זייערע פאַמיליעס.

צווישן די יידישע אַרבעטער זענען אָפט געווען פאַלן פון אַרבעטלאָ־זיקייט אָדער קראַנקייט. מען האָט אָפטער געמוזט צונויפמאַכן אַ נדבה בכדי צו ראַטעווען די לאַגע. אָבער אין 1912, אין חודש סעפּטעמבער, איז גע־גרינדעט געוואָרן דער „יידישער אַרבעטער הילפס־פאַריין״. אויף צו שאַפן מיטלען האָט מען געגעבן אַ ספּעקטאַקל „דער יידישער פּריץ״ פון שמ״ר, און דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ היפּשע סומע.

דעם זעלבן יאָר האָט באַזוכט מאָזעסוויל דער גובערנאַטאָר פון סאַנ־

טאַ־פע, ד״ר מאַנועל מענטשאַקאַ, און די קאָלאָניע האָט לאַנג געדענקט דעם אַזוי וויכטיקן באַזוך.

אין מיטן פון די פאַרפּלייצונגען, וואָס האָבן פאַרטרונקען גרויסע שטחים פון די פעלדער, איז אָנגעקומען קיין מאָזעסוויל פּרץ הירשביין ע״ה. נישט געקוקט אויף דער שווערער לאַגע האָט זיך די קאָלאָניע משמח געווען מיטן חשובן גאַסט, און האָט גוט באַזוכט די רייע פאָרלעזונגען, וואָס ער האָט געגעבן אין סאַלאָן וואָסקאָבויניק. דאָס האָט נישט געשטערט אַז דער דראַמקרייז זאָל פאָרזעצן מיט זיין טעטיקייט, און געבן אַ רייע פאָרשטעלונגען.

צום דראַמקרייז האָט אויך געהערט דער שרייבער חיים פאַרבער. קולטור און ערדאַרבעט זענען דאַן געגאַנגען האַנט ביי האַנט. מען פלעגט אַפילו אָפטער פאַרפאַסן לידער, וואָס מען פלעגט זינגען אין כאָר.

מיט דער צייט האָט זיך געגרינדעט אַ צווייטע ביבליאָטעק, די „באַראָן הירש״. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צונויפצוגיסן ביידע ביבליאָטעקן אין איינער. עס האָט זיך אָבער, לײדער, נישט איינגעגעבן. ביידע ביבליאָטעקן עקסיסטירן ביז היינט.

אין קאָלאָניע איז געווען טעטיק אַ ציוניסטישער פאַריין „ציון״, אין וועלכן עס האָבן אַקטיווירט ב. פליישער ע״ה, ה. רינסקי ע״ה, אברהם און מרדכי ראָגאָווסקי ע״ה, יעקב טאַרלאָווסקי ע״ה, מרדכי וואָלאַך ע״ה א״א. דער פאַריין האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטשריפט „דער אָנפאַנג״, האָט געגעבן ליטעראַרישע אָוונטן, פלעגט ברענגען רעדנער וכדומה.

ווען מען האָט זיך גענומען גרייטן צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין אַרגענטינע, האָט מען פאַררופן אין סאַלאָן וואָסקאָבויניק אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער עס האָבן זיך געפירט שטאַרקע דיסקוסיעס צווישן ציוניסטן און נישט־ציוניסטן.

אַלס דעלעגאַטן זענען אויסגעוויילט געוואָרן ב. פליישער און נח קאַצאָוויטש, ביידע ע״ה.

אויף וויפל די עקאָנאָמישע לאַגע אין דער קאָלאָניע האָט זיך פאַרבעסערט, האָט מען אויפגעגעבן די הילפס־פאַריינען. עס איז געווען פרנסה סיי פאַר קאָלאָניסטן, סיי פאַר אַרבעטער.

אין מאָזעסוויל האָט זיך אַפילו געגרינדעט אַ סאָציאַליסטישער צענטער, וועלכער האָט געהאַט דעם כבוד באַזוכט צו ווערן פון די סאָציאַליס־

טישע פּאָליטיקער ניקאָלאַס רעפּעטאָ און דע טאָמאַסאָ, אָבער זיי האָבן גע־האַט ווייניק דערפּאָלג. מער דערפאָלג האָט שוין געהאַט „די אידישע ציי־טונג" ווען זי האָט אָנגעהויבן דערשיינען.

דערפאַר האָט זיך גוט אַנטוויקלט דער פּועלי ציוניסטישער צענטער, אַ סינטעז פון ציוניזם מיט סאָציאַליזם, וואָס איז שוין געווען מער אָנגעמ־באַר פאַר דער קאָלאָניסטישער יוגנט. די פאָרטראָגן פון דעם פּועלי ציו־ניסטישן טריבון מאַרקאָס רעגאַלסקי ע"ה, האָבן געהאַט אַ גאָר גרויסן אָפּ־קלאַנג.

מאָזעסוויל האָט אויך געגעבן צוויי לעגיאָנערן פאַר דער אַרגענטינער גרופּע, וואָס איז אָפּגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע צום סוף פון ערשטן וועלט־קריג.

קען מען זיך פאָרשטעלן מיט וויפל ענטוזיאַזם מען האָט אין קאָלאָ־ניע געפייערט די באַלפור־דעקלאַראַציע פון 1917. מיט נישט ווייניקער פרייד האָט מען פריִער מיט אַ פאָר יאָר געפייערט די באַפרייונג פון מענדל ביילים.

מאָזעסוויל איז אַלעמאָל געווען וואַך צו יעדן ייִדישן ענין און האָט נישט אומזיסט פאַרדינט דעם טיטל ירושלים באַרגנטינה.

קאַפּיטל 10

# דער קאַמף צווישן דער אַגריקולטור און דער פּיצוכט

## מאָזעסוויל האָט אויסגעקליבן דעם וועג פון דער פּי־צוכט

אונדזער רעפּובליק, איז זינט שטענדיק, אָדער בעסער געזאָגט, זינט זי האָט זיך עקאָנאָמיש אָרגאַניזירט, באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט ווי אַ לאַנד פון אַגריקולטור און פּיצוכט „פּער עקסעלאַנץ". איינע פון די דאָזיקע צוויי צווייגן: די אַגריקולטור אָדער די פּיצוכט, האָט אין אונדזער אַגראָפּעקואַרערווירטשאַפט פאַרנומען דאָס פאַרדינטע הויפּט־פּלאַץ, אַ מאָל אויף אַ לענגערער און אַ מאָל אויף אַ קורצערער צייט.

דאָס איז שטענדיק געשען לויט די באַדינגונגען, אומשטענדן, לויט דער לוינבאַרקייט פון פּראָדוקט, לויט די טעכנישע און מעכאַנישע מעג־לעכקייטן, קלימאַטישע באַדינגונגען און אויך לויט דער מעגלעכקייט דורכ־צופירן די אַרבעטן אָדער דעם אויפזיי פון דער ווירטשאַפט, לויטן אָפּזאַץ פון דער פּראָדוקציע און מער פון אַלץ, לויט די פּרייזן אויפן וועלט־מאַרק.

אייניקע מאָל האָט אויך די רעגירונגס־פּראָפּאַגאַנדע דערפירט צום גונסטן פון דער גרעסערער פּראָדוקציע פון איינע פון די דאָזיקע צווייגן. און כדאי איז דאָ צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע רעגירונגס־פּראָפּאַגאַנדע איז נישט אַלע מאָל געווען צום גונסטן פונעם פּראָדוצירער, — ווייל האָט ער שוין באַקומען דעם אָנגעוויזענעם פּראָדוקט וואָס איז פּראָפּאַגאַנדירט גע־וואָרן מצד הויכע רעגירונגס־מענטשן, אָדער דורך נייעס־אַגענטורן וואָס אַרבעטן אין די אינטערעסן פון די עקספּאָרטירער אָדער אַנדערע אינטער־נאַציאָנאַלע קונים פון אַזאַ פּראָדוקט, — איז פּונקט דאַן אויפן וועלט־מאַרק נישט נאָר געפאַלן די פּרייז, נאָר עס איז גאַנץ אָפט געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז קיין שום מעגלעכקייט זאָל נישט זיין דעם פּראָדוקט אָפּצוזעצן, אַפילו אונטערן פּרייז.

אַזאַ לאַגע, אַזאַ דעסאָריענטאַציע, האָט אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן אַנטמוטיקט, אַנטוישט דעם פּראָדוצירער אין אַלגעמיין, און אין די לעצטע יאָרן איז צו דעם צוגעקומען, פון איין זייט די טייערקייט פון דער מאַשינעריע, אָן וועלכער דער פּראָדוצירער קען זיין אַרבעט נישט אָנפירן ווי געהעריק, און פון דער צווייטער זייט איז פשוט גאָרנישט אַזוי לייכט, אינעם אינערן פון לאַנד, צו באַקומען מענטשן צו דער אַרבעט. דער קאָלאָניסט איז פאַרבליבן אָן קינדער אויף דער טשאַקרע און אָן דער מעגלעכקייט אַזעלכע מענטשן צו באַקומען.

אַלע זענען פאַרשלונגען געוואָרן פון דער פּראָספּעריטי וואָס האָט געהערשט אין דער הויפּטשטאָט, איבער דעם וווּקס פון דער אינדוסטריע און אַנדערע פאַכן און באַשעפטיקונגען, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן און האָבן זיך באַצאָלט בעסער ווי אין אינערן פון לאַנד ביי דער אַגריקולטור און פיצוכט.

די אַלע מענטשן וואָס זענען צו אָט די נייע באַשעפטיקונגען אַריבער אין שטאָט, איז דאָך זיי געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו לעבן בעסער און באַקוועמער — נאַטירלעך, לויט דעם נייעם קאָנצעפּט וועגן אַ בעסער לעבן און לייכטער זיך איינאָרדענען; ווייל דאָס נאַטירלעכע דאָרפס-לעבן איז פאַרביטן געוואָרן אויף די שטיקנדיקע גאַזן פון דער הויפּטשטאָט; די זון און די לופט אויף דער 24-שעהדיקער עלעקטרישער באַלייכטונג און אויף די פאַרשטיקטע דעפּאַרטאַמענט-הייזער, וווּ דער סופיט ליגט פשוט אויפן קאָפּ און די פיר ווענט פרעסן אויף דערשטיקט צו ווערן, — ס'איז אין זיי פשוט נישטאָ וווּ זיך אויסצודרייען.

די מענטשן וואָס האָבן געזוכט דעם ווילזיין פון לאַנד, האָבן פאַרשטאַנען און יאָרן-לאַנג געפּריידיקט, אַז די אַגריקולטור דאַרף ביי אונדז אין לאַנד שטענדיק פאַרנעמען דאָס הויפּט-פּלאַץ פון דער אַגראָפּעקואַרער פּראָדוקציע; מ'מוז איבערגיין פון דער פיצוכט צו דער אַגריקולטור, — אָדער צום ווינציקסטן זאָל די אַגריקולטור מיט דער צייט פאַרנעמען איר אָנגעזעען און וויכטיק פּלאַץ אין דער אַגראָפּעקואַרער פּראָדוקציע, ווייל פון די צוויי מיליאָן אַכט הונדערט דרייצן טויזנט זעקס הונדערט און זיבעצן קוואַדראַט קילאָמעטער, וואָס עס פאַרנעמט דאָס לאַנד אונדזערס, זענען צוגעפּאַסט פאַר אַגריקולטור און פיצוכט הונדערט און ניינציק מיליאָן העקטאַר, נאָענט צו די אַכט און זעכציק פּראָצענט פון גאַנצן באָדן אין לאַנד.

לויטן באָדן סך־הכל, וואָס אונדזער לאַנד פאַרנעמט, איז עס דאָס פערטע אין אַמעריקע און דאָס אַכטע אין דער גאַנצער וועלט.

געוויס זענען פאַראַן אויך אַזעלכע און גראָד די וואָס באַהערשן די עקאָנאָמיק, די פינאַנסן און אַפילו די פּאָליטיק פון לאַנד, וואָס האָבן געקעמפט און קעמפן ביז היינט צו טאָג, אַז גראָד די פיצוכט זאָל הערשן אין דער אַגראָפעקואַרער פּראָדוקציע פון לאַנד, און עס וויל טאַקע דערפירט געוואָרן צו דעם, אַז די לעצטע, די פיצוכט זאָל אין די לעצטע יאָרן פאַרנעמען דעם אויבנאָן, און פון דער נייער לאַגע איז געוויס נישט אויסגעשלאָסן דער קאָלאָניסט פון אונדזערע ייִדישע קאָלאָניעס און מערער פון אַלע — דער קאָלאָניסט פון מאָזעסוויל, ווייל צו דעם לעצטן איז נאָך צוגעקומען אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס האָבן אים געפירט צו דעם.

קאַפּיטל 11

# די גרונט־אידעע פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע

אין אַבסאָלוטן קעגנזאַץ צו דער מיינונג פונעם גאָטזעליקן באַראָן הירש, גרינדער, שאַפער און פינאַנסירער פון דער היגער ייִדישער קאָלאָניזאַציע איז יאָרן־לאַנג געפירט געוואָרן אַ קאַמף, אָפט מאָל אַ פאַרביטערטער קעגן די וואָס האָבן מיט זיין קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג אָנגעפירט.

ווייל אַנשטאָט דעם וואָס דער באַראָן הירש האָט געשטרעבט צו דערגרייכן פאַר די ייִדישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע דאָס באַקומען פאַר זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ פרייע לופט צום אָטעמען, אַ רעכט צו דענקען און זיך פריי און מענטשלעך קענען אויסלעבן; אַ שווערע פּראָדוקטיווע און נוצלעכע אַרבעט, וואָס זאָל זיך טאַקע אָרעם באַצאָלן, — זי זאָל אָבער פאַר אים פאַרזיכערן דאָס אָרעמע טאָג־טעגלעכע שטיקל ברויט און באַשעפטיקונג. האָבן די קאָלאָניסטישע פאָרשטייער, זינט אַפילו די גאָר ערשטע יאָרן פון דער ייִדיש־אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע פאַרשטאַנען, אַז: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם” — דער קאָלאָניסט דאַרף לעבן אָנשטענדיק, דאַרף באַקומען זיין לאַנד טאַקע אין אייגנטום און אין אַ גענוגנדיקער צאָל העקטאַרן, וואָס זאָלן אים געבן די מעגלעכקייט נישט נאָר פאַרן אָרעמען שטיקל ברויט, נאָר טאַקע פאַר קענען זיך איינשאַפן אַ וואָס בעסערע און צוגעפּאַסטערע ווירטשאַפט און אַפילו קענען, אין פאַרלויף פון יאָרן, קומען צו אַ פאַרזיכערטער עקאָנאָמישער פּאָזיציע.

אין די דיסקוסיעס מיט דער קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט (ייִקאָ) זענען אין דעם זינען געפירט געוואָרן און זיך אויסגעדריקט אין:

דער פאָדערונג פון באַקומען אַ טשאַקרע סטאַנדאַרט, ד״ה, געבן יעדן קאָלאָניסט די צאָל העקטאַרן לאַנד וואָס זאָלן אים דערמעגלעכן אַן עקספּלאָטאַציע, לויט דער געגנט, וואָס זאָל גרייכן ביז 150 העקטאַר לאַנד אין

פאַרלויף פון די ערשטע צענדליקער יאָרן און אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן, צו אַ גרעסערער צאָל, ביז 400 העקטאַר אין געוויסע געגנטן, אַזעלכע ווי די פון נאַרסיס לעוועןן.

עס איז מערסטנס געפּאָדערט געוואָרן וואָס בעסערע באַהאַנדלונג און הילף, אַזעלכע, וואָס זאָל זיכערן און בעסערן זיין קיום אויף זיין שטח באָדן און ווירטשאַפט.

עס זאָל אים, דעם קאָלאָניסט, געשטעלט ווערן אַזאַ יערלעכער אָפּצאָל פאַרן לאַנד, וואָס זיין יערלעכע פּראָדוקציע זאָל עס אים דערמעגלעכן נאָכ־צוקומען.

נעמען ביי אים אַזאַ פּראָצענט פאַרן חוב, וואָס זאָל נישט שטאַרק ווירקן אויף זיין אָרעמער עקאָנאָמיק, אויף דעם אויסגאַנג פון זיין יערלעכן איינקונפט און נישט פאַרטייערן זיינע פּראָדוקציע־קאָסטן.

אַרויסהעלפן דעם קאָלאָניסט מיט קרעדיטן פאַר דער אָנהאַלטונג און אויסבעסערונג און פאַרבעסערונג פון זיין ווירטשאַפט, אין זין פון נישט נאָר אים באַזאָרגן מיטן מינימום, נאָר מיט אַ העכערער עקאָנאָמיש־פינאַנציעלער צוקונפט אויף שטענדיק.

די אַרגענטינער ווירקלעכקייט, די פאָרעם פון דער קאָלאָניזאַציע, די קלימאַטישע באַדינגונגען, די פאַרשידענע פּלאָגן האָבן אָבער געטאָן זייערס און אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן זענען זיי דער יידישער קאָלאָני־זאַציע דאָ אין לאַנד, ווי אויך ביי דער אַלגעמיינער, אַדורך אין גרויס בויט, און אין אָרעמקייט.

די ערדן פון אונדזערע קאָלאָניעס זענען מערסטנס פעטע און גוטע, די נאַטור איז אָבער אַ ווילדע, מיט גרויסע אָנשיקענישן און צו דעם אַלע־מען האָט כמעט שטענדיק געפעלט די געהעריקע טעכנישע אָריענטאַציע פאַרן קאָלאָניסט אין דער גרעסטער טייל פון די יידישע קאָלאָניעס אונד־זערע. עס האָבן געפעלט אַזעלכע אָנווייזונגען וואָס זאָלן אים ווייזן דעם ריכטיקן וועג, זאָלן אים פירן, זאָלן אים לערנען און אָנווייזן ווי צו פירן זיין ווירטשאַפט, זיין אַרבעט, זיין אָרעמע עקאָנאָמיק און אַפילו זיין גייס־טיקע אויסלעבונג. די לעצטע צוויי פאַקטאָרן האָבן זיך געבעסערט מיט דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פון די קאָאָפּעראַטיוועס אין אונדזערע קאָלאָניעס.

האָט זיך דערפאַר דער יידישער קאָלאָניסט, ווי דער נישט־יידישער, געוואָרפן פון איין צווייג אַגראָפּעקוארער ווירטשאַפט צו דער צווייטער,

לויט דעם מאָמענטאַנעם אויסזען, לויט דעם מאָמענטאַנעם מאַרק־פּרייז, לויט דער, ווי שוין אויבן דערמאָנטער, טעותדיקער אָדער פון עמעצן פאַראינטערעסירטער פּראָפּאַגאַנדע, און איין דורכפאַל איז געווען גרעסער פון דעם צווייטן, און פון איין פּרווו ווי פון צווייטן, איז דער קאָלאָניסט אַרויסגעקומען אַ דערשלאָגענער און דערדריקטער, ביז די לעצטע עטלע־כע יאָרן, ווען די לאַגע האָט זיך עקאָנאָמיש היפּש געבעסערט אַ דאַנק די טיילווייזע נאָכגעקומענע פאָדערונגען מצד די קאָלאָניסטישע פירערס צו דער קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט. דער יידישער קאָלאָניסט האָט זיך כמעט הונדערט פּראָצענט עמאַנציפּירט פון איר, די אַרבעט איז פאַרגרינגערט געוואָרן אַ דאַנק דער מאַשין, דער טעכניק, דער פּראַקטיק און אַ דאַנק די גאַנץ אָפט בעסערע פּרייזן אויף אַ געוויסער צאָל פּראָדוקטן וואָס ער פּראָ־דוצירט און שיקט אַרויס אויפן מאַרק.

קאַפּיטל 12

# די קאָלאָניע מאָזעסוויל

## ווו געפינט זי זיך?

די קאָלאָניע מאָזעסוויל איז די עלטסטע פון די ייִדישע קאָלאָניעס דאָ אין לאַנד און איז פון די מער בליִענדיקסטע און פאָרגעשריטנסטע פון זיי. זי פאַרנעמט אַ שטח פון 118.262 העקטאַר לאַנד און געפינט זיך אין צפון פון דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע, אין די דעפּאַרטאַמענטן: סאַן־קריסטאָבאַל און קאַסטעזשאַנאָס.

צוויי גרויסע באַן־ליניעס קרייצן זי דורך: די פון גענעראַל באַרטאָ־לאָמע מיטרע, וואָס גייט אַרויס פון דער הויפּטשטאָט און קומט קיין טוקו־מאַן, ווו זי קאָמבינירט זיך מיט דער באַן־ליניע גענעראַל בעלגראַנאָ, וואָס פירט קיין באָליוויע, און די צווייטע באַן־ליניע איז די פון גענעראַל בעל־גראַנאָ, וואָס גייט פון סאַנטאַ־פע ביז טשאַקאָ.

די באַן־ליניע גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע האָט אין דער קאָלאָניע מאָזעסוויל דריי סטאַנציעס: די פון פּאַלאַסיאָס, לאָס פּאַלמעראַס און מאָני־גאָטעס, אַרום וועלכע, נאַטירלעך, עס האָבן זיך אויסגעבויט שטעטלעך מיט די זעלבע נעמען. די ליניע פון גענעראַל בעלגראַנאָ פאַרמאָגט דאָרט, צו מזרח פון דער קאָלאָניע, צוויי סטאַנציעס מיט די נעמען: ווירכיניאַ און קאַפּיוואַראַ און איז געאייניקט מיט דער צענטראַל־ליניע דורך אַ ספּעציע־לער צווייג־ליניע וואָס ברענגט קיין מאָזעסוויל. חוץ דעם זענען פאַראַן קאָלעקטיוועס און אויטאָבוסן, וואָס פאַראייניקן זי מיט פאַרשידענע וויכטי־קע פונקטן און מער פון אַלץ דינט פאַר קאָמוניקאַציע דער אויטאָמאָביל, וואָס פירט אַהין ווו מען דאַרף און ווען מ׳וויל, אָדער מ׳האָט נויטיק.

די וועגן זענען פוןביידע זייטן באַפּלאַנצט מיט פאַראַיסן־ביימער. די ערדן זענען פלאַכע. פאַרשידענע מיטלען זענען אָנגענומען געוואָרן אום

אויסצומיידן פּאַרטריקענישן, וועלכע געשעען דאָך אין געוויסע געגנטן פון דער קאָלאָניע. עס ווערט אַ סך געטאָן די וועגן, ווי ווייט מעגלעך, צו האַלטן אין אַ וואָס בעסערן צושטאַנד פאַרן פאַרקער, און עס זענען פאַראַן צוזאָגן פון די אָפּיציעלע אויטאָריטעטן, צו האָבן דאָרט וואָס פריִער אויך געפּלאַסטערטע וועגן, וואָס זאָלן אין אַלגעמיין בעסער פאַרבינדן די קאָלאָניע מיט דער גאַנצער געגנט, פּראָווינץ אאז״וו.

## פאָרעם פון איינאָרדענונג פון די קאָלאָניסטן

אין אָנהייב פון דער קאָלאָניזאַציע האָט מען געפּרוווט פאָרמירן דערפער, קלענערע ווי גרעסערע, וואָס מען האָט גערופן די 24קער, די 12ער, די 6ער און די 4ער. אין 1906 איז מען איבערגעגאַנגען צו דער איינאָרדענונג פון די זעלבע אין גרופּעס פון צו צוויי שכנים און צו פיר שכנים, אין פאַרבינדונג מיט דער טשאַקרע לעבן דער שטוב.

דער ערד־שטח פאַר יעדן קאָלאָניסט איז פון אָנפאַנג געווען פון 35 ביז 50 העקטאַר לאַנד. שפּעטער, אין יאָר 1900, האָט מען זיי שוין איינגעאָרדנט אויף שטחים פון צו הונדערט העקטאַר לאַנד און צו לעצט, אין 1905, האָט מען שוין איינגעאָרדנט אויף צו 150 העקטאַר לאַנד. די לעצטע איינאָרדענונג האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אין 1912 איז באַנייעס פאַרקלענערט געוואָרן דער שטח באָדן צו דער צאָל פון צו 75 העקטאַר לאַנד. שפּעטער איז די צאָל פון צו 75 העקטאַר לאַנד נאָר געגעבן געוואָרן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון אויסשליסלעך גוטער ערד, אַנדערע איז די צאָל געהעכערט געוואָרן אין פאַרגלייך מיט דער קוואַליטעט פונעם באָדן.

## דער נאָמען פון דער קאָלאָניע

דער נאָמען מאָזעסוויל, ווי מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, איז דער קאָלאָניע געגעבן געוואָרן דורכן ד״ר פּאַלאַסיאָס, פריִערדיקער בעל־הבית פון די דאָרטיקע ערדן. מיט דעם זאָל ער געוועזן האָבן געוואָלט באַערן דעם ליכטיקן אָנדענק פון משה רבנו, דעם גרעסטן אױסערגעוויינלעכע פיגורן פון יידישן פאָלק, וועמענס אַפּשטאַמיקע זענען געווען זיינע קאָלאָניסטן.

## דער ערד־איינקויף

אין יאָר 1891, ווען עס האָט זיך געגרינדעט די ייִקאַ, האָט זי אָפּגעקויפט די 10.164 העקטאַר לאַנד וואָס זענען פריִער פונעם ד״ר פּאַלאַסיאָס געווען פּאַרקויפט צו די קאָמפּאַניע־פּאָדאָלסקער קאָלאָניסטן. זינט 1895 איז געמאַכט געוואָרן דורך דער ייִקאַ אַנדערע קויפן פון לאַנד און אין יאָר 1910 זענען פּאַרענדיקט געוואָרן די קויפן פון באָדן און די קאָלאָניע האָט שוין געציילט מיט די 118,262 העקטאַר לאַנד, מיט וועלכע זי איז פאַרבליבן.

## דער קלימאַט

די דאָרטיקע קלימאַטישע באַדינגונגען זענען נישט גאָר קיין גינסטיקע. טריקענישן און פאַרפלייצונגען זענען דאָרט אָפטערע דערשיינונגען, ווי אין אייניקע פון די אַנדערע ייִדישע קאָלאָניעס דאָ אין לאַנד — דער היישעריק איז געווען אַן אָפטער גאַסט, האָט מאָזעסוויל נישט אויסגעמיטן. אַ מאָל פאַרשפּעטיקן די פרעסט און דער דורכפאַל פון דער קאָסעטשע איז דאַן אַ פולשטענדיקער.

## די אַנדערשדיקייט פון דער קאָלאָניע מאָזעסוויל

די ייִדישע קאָלאָניעס דאָ אין לאַנד זענען צעשפּרייט איבער די פּראָווינצן: עטרע־ריאָס, סאַנטאַ־פע, בוענאָס־איירעס, לאַ פּאַמפּאַ, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און ריאָ־נעגראָ.

יעדע איינע פון זיי האָט באַקומען, אָדער האַלט אָן פון שטענדיק איר כאַראַקטעריסטיק, איר אופן פון לעבן און שאַפן, איר גאַמע פון פּראָדוקציע, וואָס זענען נישט אַלע מאָל צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען און אומשטענדן, און נאָר דער וואָס קען זיי אַלע, קען זייער פאַרשידנאַרטיקייט און זייער צוגעפּאַסטקייט לטובה אָדער לרעה פון די וואָס שטעלן זיי צוזאַמען.

די פאַקטאָרן וואָס קומען דאָ אונטער, זענען הויפּטזאַכלעך די פון: קוואַליטעט פון באָדן, קלימאַט, פייכטקייט און ריכטיקע אָריענטאַציע.

אין מאָזעסוויל איז דער באָדן נישט קיין שלעכטער, אָבער צוגעפּאַס־

טער צו געוויסע קולטיוון און גאָר ספּעציעל צו דער אַלפאַלפאַ און פּיצוכט. די פּאַכקענטשאַפט פון אירע קאָלאָניסטן איז געווען נישט קיין ערגערער ווי די פון די קאָלאָניסטן אין די אַנדערע אונדזערע קאָלאָניסטן דאָ אין לאַנד. די מערסטע זענען געווען פרעמד פון דער ערד־אַרבעט ווי פונעם לעבן אויפן לאַנד און מער פון אַלץ — פונעם לעבן אויף די ווילדע אומענדלעכע אַרגענטינער סטעפּעס אין אָנהייב פון דער קאָלאָניזאַציע.

די אָריענטאַציע פון מאָזעסוויל דאַרף צוגעשריבן ווערן צו צוויי פון אירע מענטשן, וועמענס נעמען דאַרפן אויף שטענדיק, אין דעם זינען דערמאָנט ווערן מיט לויב און דאַנקבאַרקייט, איינער פון זיי איז, ווי שוין פריער דערמאָנט, נח קאַצאָוויטש, אַ תלמודיסט, אַ משכיל, אַ דיסציפּלינירטער און אַ פּראַקטישער. ער קומט פון גראָדנער גובערניע צו ערשט ווי אַ דעלעגאַט אין יאָר 1894, כדי צו באַקענען זיך מיטן לאַנד, אין וועלכן ער דאַרף שפּעטער באַזעצן אַ גרופּע וואָס ער פירט אָן, דאַרף זי ברענגען, באַזעצן און אויפן פּלאַץ אָריענטירן. מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1895, ברענגט ער שוין זיין גרופּע אימיגראַנטן און אָרדנט זיי איין אין מאָזעסוויל.

פאַר זיינע לייסטונגען פאַר דער דאָרטיקער קאָלאָניזאַציע און די גוטע באַציִונגען וואָס ער האַלט אָן מיט דער דירעקציע פון דער יִ״קאַ אין דער הויפּטשטאָט, מיט דער הויפּט־דירעקציע פון פּאַריז, ווי מיטן קאָמיטעט פון פּעטערבורג, ווערט ער באַשטימט צו פאָרן אויפנעמען אַ גרופּע קאָלאָניסטן אין חודש מאַי פון 1899, און שפּעטער מיט צוויי יאָר, אין מאַי פון יאָר 1901, פאָרט ער ווידער מיט דער אויפגאַבע אויפצונעמען און ברענגען אַ צווייטע גרופּע יִדישע קאָלאָניסטן פאַר זיין קאָלאָניע מאָזעסוויל.

ער איז אויך געווען דער אינספּירירער און גרינדער פון זייער באַרימטער קאָאָפּעראַטיווע, די „לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ״. און אָנגעהאַלטן זיין פּראַקטישן חוש הן ביי דער קאָלאָניזאַציע הן ביי דער קאָאָפּעראַציע ווי ביי אַלע אַנדערע טעטיקייטן, ביי וועלכע עס איז אים אויסגעקומען אונטערצוקומען אין קאָלאָניע. דער דאָזיקער מענטש פאַרדינט אַ ספּעציעל קאַפּיטל, וואָס איז נאָך דערוויייל נישט געשריבן געוואָרן.

דער צווייטער אָריענטירער איז דאָרטן געווען דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַטאָר, איינער פון די געציילטע דאָ ביי אונדז אין לאַנד, וועמענס פאַרדינסטן בנוגע אָריענטאַציע און איינאָרדענונג פון דער קאָלאָניע טאָר

נישט פאַרגעסן ווערן. אין דעם זין איז ער געווען אַ יחיד במינו, ער האָט געהייסן משולם (מישעל) כהן. מיר האָבן זיך צו אים באַצויגן פריִער. אַ ליטוואַק פון ביאַליסטאָק, מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זיין פונקציע אַרויפצופירן די קאָלאָניע אויפן וועג פון פראָגרעס. ער איז געווען פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוועס, און ווי אַ טיפּישער ליטוואַק, — אַ גרויסער עקשן.

ער האָט געצוווּנגען צו פלאַנצן ביימער ביי די הייזער און אויך ביי די וועגן. מיט דעם האָט ער געזוכט איינצושפּאָרן פאָסטעס פאַר די דראָט־צוימען. פאַרן נישט פלאַנצן קיין ביימער, פלעגט ער אַראָפּרעכענען פון דער שטיצע וואָס מען האָט באַקומען, און טיילווייז זאָל ער אַפילו האָבן געצאָלט פאַר אַזאַ אַרבעט. ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט און אַפילו געצוווּנגען מען זאָל פאַרזייען אַלפאַלפאַ, וואָס האָט די אייגנשאַפט צו וואַקסן עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד און קען ווידערשטיין דעם היישעריק, און אַזוי ווי די וואָרצלען שלאָגן טיף אין דער ערד, קען זי, די אַלפאַלפאַ, אויסהאַלטן די טרי־קעניש. זי איז אויך אויסגעצייכנט פאַר דער פיצוכט פון בעסערע ראַסן־קי פאַר דער מילך־ווירטשאַפט, וואָס ער האָט געזוכט צו באַקומען.

ער איז געווען, ווי שוין דערמאָנט, דיקטאַטאָריש און האָט אָפט מאָל אַרויסגערופן פון געוויסע קרייזן דעם צאָרן און די קעגנערשאַפט צו זיך. איינער אַזאַ אויפברויז קעגן אים האָט אַפילו דערפירט צו דעם. אַז אַ דעלע־גאַציע איז געפאָרן קיין פּאַריז כדי זיך צו פאַרקלאָגן אויף אים, אָבער פון דער אָנקלאַגע איז גאָרנישט געוואָרן. מען האָט אין פּאַריז די דעלעגאַציע כמעט נישט צוגעלאָזט.

ער האָט זיינס אַדורכגעשלאָגן: די קאָלאָניע האָט זיך אָפּגעלאָזט פון געוויסע קולטיוון וואָס זענען צו איר נישט צוגעפּאַסט, און אים איז פיל צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס מאָזעסוויל איז געוואָרן און איז היינט צו טאָג.

## דאָרטיקע קאָנפליקטן מיט דער יִקאַ

בנוגע קאָנפליקטן מיט דער יִקאַ, וואָס האָבן אין די מערסטע קאָ־לאָניעס אונדזערע דאָ אין לאַנד נישט געפעלט, און פעלן געוויס נישט אין קיין שום אַנדער קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג, האָבן מיר שוין דאָ דער־מאָנט. עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז אין פאַרגלייך מיט די פון אַנדע־

רע קאָלאָניעס, איז מאָזעסוויל געווען אַן אויסנאָם; ווייל, ערשטנס, ווי מיר וועלן דאָ ווייטער זען, איז דאָרטן אַרויסגעוואַקסן אַן ערנסטערער קאָנ־פליקט אַזאַ, שוין גאָר אין די לעצטע יאָרן, ווען אַנדערע קאָלאָניעס האָבן שוין אין זיי געהאַט פאַרגעסן, צווייטנס, האָט דער קאָנפליקט וואָס איז פאָרגעקומען אין די גאָר ערשטע יאָרן, נישט געשטאַמט פון דער מאַסע קאָלאָניסטן, דאָרטיקע, נאָר פון אַ גרופּע וואָס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט דעם אופן און די מיטלען וואָס דער אַדמיניסטראַטאָר כהן האָט אָנגענומען און זענען גראָד אַרויסגעקומען לטובת דער עקאָנאָמיק פון דער קאָלאָניע.

אויך דער שפּעטערער קאָנפליקט פון די 20, איז נישט געווען פון דער קאָלאָניע, נאָר פון דער גרופּע וואָס האָט אים אָנגעפירט.

דער דאָרטיקער צוגאַנג צו די געשעענישן איז צו פאַרדאַנקען די אַנ־דערע באַדינגונגען אונטער וועלכע זיי זענען קאָלאָניזירט געוואָרן, אָדער דעם מענטשן וואָס האָט זיי געבראַכט אַהער, וואָס איז געווען זייער וועג־ווייזער און פירער אויך אויפן פּלאַץ — מיר באַציִען זיך דאָ צו נח קאַצאָ־וויטש, — אָדער עס איז צו פאַרדאַנקען דעם ליטווישן עלעמענט, וואָס איז דאָרטן געווען אין אַ היפּשער מערהייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש מיט זיין שפּאָרזאַמקייט, מיט זיין זיין צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט אָדער האָט נישט, אָדער גאָר איבער אַנדערע פאַקטאָרן. דאָס וועט די געשיכטע דאַרפן משפּטן. אין גאַנצן אַן קאָנפליקטן איז אָבער דאָרטן נישט אַדורך און זיי זענען געווען פאָלגנדיקע:

דער ערשטער קאָנפליקט מיט דער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע און מיט דער בוענאָס־איירעסער דירעקציע, האָט דערפירט צו אַ רייזע פון אַ דע־לעגאַציע קיין פאַריז. ער איז אָנגעפירט געוואָרן אין יאָר 1897 פון הרב ראובן הכהן סיני, איבערן נישט זיין איינשטימיק מיט דער אָריענטאַציע, מיט די מיטלען און פירעכצן פונעם אַדמיניסטראַטאָר כהן. אין אַן אַנדערן קאַפּיטל באַציִען מיר זיך אויספירלעכער צו דער אַקטואַציע פונעם דאָזיקן אַדמיניסטראַטאָר. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון סיני, בראָנשטיין, און גרויער. דער אָנפירער איז געווען דער ערשטער, און אין פאַריז שוין, האָט זיי פיל געקאָסט, ביז זיי האָבן דערגרייכט פון עמעצן עפּעס אויסגעהערט צו ווערן, ווייל די דעלעגאַציע צווישן זיך איז שוין געווען אין קריג און אין נישט־איינשטימיקייט.

ניין און פערציק יאָר (פון 1897 ביז 1946) זענען אַדורך דאָרטן כמעט

אָן קאָנפליקטן, מינדעסטנס אַזעלכע זענען אונדז אין דעם צייט־אָפּ־שניט נישט באַקאַנט. אין 1946 שווימט אַרויס אַזאַ קאָנפליקט מצד 20 קאָ־לאָניסטן וואָס האַלט אָן אַ צייט און גייט אַפילו אַריבער די גרענעץ פון מאָזעסוויל און פון אונדזערע אייגענע העכערע אינסטאַנצן און האָט נישט קיין אָנגענעמען אָפּקלאַנג.

דער לעצטער קאָנפליקט מיט דער יִיקאַ קומט אַרויס אין יאָר 1949 און ווערט שוין אָנגעפירט פון דער קאָאָפּעראַטיווע „לאַ מוטואַ אַגריקאָ־לאַ". ער האַלט אָן אַ היפּשע צייט, איז צייטנווייז שאַרף און אָנגעשטרענגט און ברענגט ווי אַ רעזולטאַט די פאַרגרעסערונג פון די קליינע ערד־שט־חים, מיט וועלכע אייניקע קאָלאָניסטן קענען נישט אַרויסבאַקומען קיין איינקונפט פאַר אַן אָנשטענדיק און רויִק לעבן.

קאַפּיטל 13

## מאָזעסוויל היינט צו טאָג

לויט דער מאַפּע פון דער יי־קאָ, איז די קאָלאָניע מאָזעסוויל אין איר בלי־צייט, באַשטאַנען פון די סוב־קאָלאָניעס: מאָניגאָטעס, לאַ כואַניטאַ, צדק כהן, מוטשניק, ביאַליסטאָק, פּאַלאַסיאָס, וואָוועלבערג, ווירכיניאַ און קאַפּיוואַראַ. און האָט פאַרנומען אַ שטח לאַנד פון 118.262 העקטאַר.

היינט צו טאָג, ווערט גערעכנט ווי אַ מאָזעסווילער זאָנע: ווירכיניאַ, פּאַלאַסיאָס, לאַס פּאַלמעראַס, מאָניגאָטעס, קאָנסטאַנסאַ, קאַפּיוואַראַ, קורו־פּאַיטי, מאַוואַ, איטוזאַינגאָ, ראַנקיל און באַסי. די אַלע האָבן אַ פאַרבינדונג מיט מאָזעסוויל.

שטח באָדן: די גאַנצע זאָנע באַשטייט פון אַ שטח פון 200.000 העק־טאַר לאַנד, פון וועלכע ביי די הונדערט פינף און פערציק טויזנט העקטאַר לאַנד געהערן צו יידישע קאָלאָניסטן.

פון די צוויי הונדערט טויזנט העקטאַר לאַנד פון דער זאָנע, שטייען אַכציק טויזנט העקטאַר אונטער קולטיוו, זיי דינען פאַרן פאַרזיי פון ליאָן, עפּעס ווייץ, הירזש, מאַיס, ריבן, פאַרשידענע פוראַזשן און גאָר ספּעציעל פאַר דעם אַלפאַלפאַ־קולטיוו, וואָס דינט פאַר פאַשע פאַר די בהמות און אויך פאַרן פאַרקויף אויפן מאַרק.

באַפעלקערונג: די באַפעלקערונג פון דער געגנט וואָס געהערט דירעקט צו מאָזעסוויל, באַשטייט פון 4.600 נפשות, וואָס טיילן זיך לויט דעם וווי־נונגס־פּלאַץ ווי פאָלגט: מאָזעסוויל — 3.200 נפשות, לאַס פּאַלמעראַס — 800 נפשות, מאָניגאָטעס — 400 נפשות, און ווירכיניאַ — 200 נפשות. פון די אַלע ווערט גערעכנט, אַז 2.500 נפשות געהערן צו די וואָס גיבן זיך אָפּ מיט קאָלאָניזאַציע.

## די דאָרטיקע קאָאָפּעראַציע

דאָ דאַרף צו ערשט דערמאָנט ווערן די פּרעסטיזשפולע קאָאָפּעראַטי־ווע, די „לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ״, די דריטע פון די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווען פון לאַנד, וואָס זענען פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג. די ערשטע איז די „סאָ־סיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענוויל״ פון באַסאַווילבאַסאָ, ענטרע־ריאָס, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1900; די צווייטע איז די „פאָנדאָ קאָמונאַל״ פון דאָמינגעז, ענטרע־ריאָס, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1904, און די דריטע איז די „לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ״ פון מאָזעסוויל, סאַנטאַ־פע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דעם 5טן יאַנואַר פון יאָר 1908.

אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע האָט זי דעם כבוד צו זיין די עלטסטע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווע און איינע פון די אָנגעזעענסטע און וויכטיקסטע ביז היינט צו טאָג.

עס זענען דאָרט אויך פאַראַן:

8 מילך־קאָאָפּעראַטיוועס (טאַמבעראַס).

2 גאַנאַדעראַס,

2 קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס, און

2 קאָאָפּעראַטיוועס פאַר עלעקטרישער באַלייכטונג און עלעקטרישער קראַפט.

צום לויב פון די דאָרטיקע מילך־קאָאָפּעראַטיוועס דאַרף דאָ מינדסטנס דערמאָנט ווערן, אַז זיי זענען געווען פון צווישן די ערשטע וואָס האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער גרינדונג פון דער אַזוי באַרימטער קאָאָפּעראַטיווע פּור־טער־פאַבריק „סאַנקאָר״, וואָס אַרבעט אויס ביז 61 % פון דער גאַנצער פּור־טער פון לאַנד און פון דער בעסטער קוואַליטעט און האָט זייער אַ גוטן אָפּ־זאַץ אויפן היגן מאַרק, ווי אויך אויף די מערק פון פאַרשידענע לענדער, מיט וועמען זי שטייט דירעקט און אומדירעקט אין פאַרבינדונג.

לויבנסווירדיק איז אויך דער פאַקט, וואָס דאָרט עקסיסטירן צוויי קאָאָ־פּעראַטיוועס פון די שילער פון דער נאַציאָנאַלער און פּראָווינציעלער עלע־מענטאַר־שולעס.

מיר באַדויערן וואָס די צייט, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן פאַר דער צוגרייטונג פון דער באַשיידענער אַרבעט איז גאָר אַ קורצע און עס איז פּשוט אוממעגלעך, ביים בעסטן ווילן, צו באַקומען די געהעריקע דאָקומענ־

טאַציע אויף עפּעס וואָס דאָ אָנצוצייכענען, וואָס די זייער אָנגעזעענע גרופּע קאָאָפּעראַטיוועס שטעלן פאַר מיט זיך. מיר זענען זיכער, אַז עס וואָלט גע־ווען די שענסטע און בעסטע אָפּשפּיגלונג אויף צו שאַפן זיך אַ באַגריף פון דעם עקאָנאָמיש־סאָציאַלן לעבן פון מאָזעסוויל.

אָן דער מינדסטער מינדערשאַצונג פון די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס, וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע ציפערן פון דער עוואָלוציע און צושטאַנד פון דער „לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ" ביי דער ענדע פון דעם קאַדענץ 1962/63. זיי באַשטייען פון אָט וואָס:

ביים ענדע פון יאָר 1962/63 (ווייל דעם באַלאַנס פון 64 ־ 1963 האָבן מיר נאָך נישט) האָט די „לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ" געציילט מיט 1073 מיט־גלידער וואָס האָבן פאַרשריבן אַ קאַפּיטאַל פון 14.492.500 פּעזעס פון וועלכן עס איז שוין איינגעצאָלט געוואָרן אויף חשבון, ד"ה רעאַליזירט געוואָרן די סומע פון 10.134.727 פּעזעס, און אין די פאַרשידענע פאָנדן האָט זי 8.068.686 פּעזעס.

דורך דער קאָאָפּעראַטיווע איז פאַרקויפט געוואָרן: 361 רינדער פאַרן באַטרעף פון 4.013.714 פּעזעס. די מערסטע צאָל בהמות ווערן פאַרקויפט דורך די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס, די גאַנאַדעראָס, דירעקט אָדער דורך אַנ־דערע קאָמערציעלע וועגן.

סחורות פאַרן פאַרברויך און נוצן האָט זי אויסגעטיילט פאַר אירע מיט־גלידער אין באַטרעף פון 89.248.741 פּעזעס, אין דעם איז אַריינגעגאַנגען: זריעות, „קאָראַלאָן", אייזנוואַרג, „אַלמאַסען" און שניט־סחורה. דאָ גייט נישט אַריין דער ברענשטאָף וואָס ווערט געניצט, ווייל ער איז צוגעשטעלט גע־וואָרן די מיטגלידער דירעקט אין זייער היים, אָדער אויף זייער פעלד.

פּראָדוקציע פון דער קאָסעטשע איז דורך דער קאָאָפּעראַטיווע פאַר־קויפט געוואָרן ווי פאָלגט: 9.865 טאָן פוראַזשן, 1.252 טאָן ווייץ, 2.456 טאָן ליאָן, 140 טאָן הירזש, 32 טאָן מאַיס, און 20 טאָן ריבן.

אַלע קאָמערציעלע אָפּעראַציעס האָבן געלאָזט אַן עודף דער קאָאָפּע־ראַטיווע פון 6.795.313 פּעזעס, וואָס איז צעטיילט געוואָרן, לויטן קאָאָפּע־ראַטיוון געזעץ, ווי פאָלגט: 6% פאַר דעם דערגאַנצטן קאַפּיטאַל, 10% פאַר די געזעצלעכע פאָנדן און 90% פאַרן אומקער די מיטגלידער אין פּראָפּאָרץ לויט זייערע אָפּעראַציעס.

דאָ דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז די הויפּט־פּראָדוקציע פון דער

קאָלאָניע, ד״ה די בהמות, די מילך און די טרוקענע אַלפאַלפאַ, ווערן, ווי שוין דערמאָנט, פאַרקויפט אויסער דער קאָאָפּעראַטיווע, אָדער אין אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס, אַזעלכע ווי די „טאַמבעראַס״ אאַז״וו.

## די קאָמערציאַליזירונג פון דער פּי־פּראָדוקציע

ווי אַ ספּעציפישע זאַנע פון פּי־צוכט, ווערט איר פּי אַרויסגעשיקט אין די שכנישע לענדער, אַזעלכע ווי: טשילע, באָליוויע און פּערו. אין די לעצטע צייטן זענען פון דאָרט אויך געמאַכט געוואָרן פאַרקויפן קיין איטאַליע.

אויסער דעם דאַרף מאָזעסוויל פאַררעכנט ווערן ווי אַ ליפעראַנטין פון פּי פאַרן קאָנסום פון די פּראָווינצן קאָרדאָבאַ, סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, טוקומאַן און כוכוי. דאָס אַלץ איז אויסער די ליפערונגען וואָס ווערן געמאַכט פאַרן הויפּט־מאַרק פון לאַנד: „מערקאַדאָ דע ליניערס״.

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אויסער די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס „גאַנאַדעראַס״ וואָס קומען אונטער ביים פאַרקויף פון פּי, איז אויך פאַראַן די „סאָסיעדאַד אַנאָנימאַ גאַנאַדעראָס אונידאָס דע מאָיסעסוויזשע״, וועלכע בישט קוקנדיק אויף איר כאַראַקטער פון אַן אַנאָנימער געזעלשאַפט, אַרבעט זי דאָך אויף דער באַזע פון אַ קאָאָפּעראַטיווע און זי איז די עלטסטע און אָנגעזעענסטע פון דעם מין אין מאָזעסוויל.

## די אייגענע אינדוסטריע

מאָזעסוויל פאַרמאָגט פאַרשידענע אייגענע אינדוסטריעס (אויך דאָס געפינט זיך זעלטן אין די אַנדערע פון אונדזערע קאָלאָניעס דאָ אין לאַנד), וואָס פאַרנעמט אַ זייער אָנגעזען פּלאַץ אויף פאַרשידענע געביטן. עס זענען אַזוי אַרום דאָרט פאַראַן: די טאַזשערעס מעטאַלורכיקאָס „מאָוויל״; אַ פאַבריק פון זייי־מאַשינען „אַ וואַלעאָ״; אַ פאַבריק פון קאַראַמעלן; אַ מיל פאַר דער צעמאָלונג פון ביינער, וועמענס פּראָדוקציע עס ווערט גענוצט פאַר דער באַפרוכפערונג פון די פעלדער, אַזוי ווי אַ מיסטיקונג. עס איז אויך פאַראַן פאַרשידענע אָנגעזעענע מעכאַנישע טאַזשערן פאַרן פאַרריכט פון דער מאַשינעריע און אַנדערע פאַר דעם אויטאָמאָבילן־פאַרריכט. אויך איז דאָרט דאָ אַ פאַבריק, וואָס געהערט צו דער „וואַסער און ענערגיע פּו־

נעם שטאָט״, וואָס באַזאָרגט מיט עלעקטרישער קראַפט און באַלייכטונג די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם שטעטל.

## פינאַנציעלע אינסטיטוציעס

דאָרט איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג פון דער „באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אַרכענ־טינאַ״; אַן אָפּטיילונג פון דער „באַנקאָ קאָמערסיאַל איסראַעליטאַ״. וועמענס צענטראַלע געפינט זיך אין ראָזאַריע, זי האָט דאָרט אויפן פלאַץ איר לאָ־קאַלן דירעקטאָריום; עס איז פאַראַן דאָרט די צווײ קרעדיט־קאָאָפּעראַטי־ווען, וואָס מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט:

עס ווערט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּראָווינציעלער רעגי־רונג אויף צו באַקומען די איינאָרדענונג דאָרט פון אַן אָפּטיילונג פון דער „באַנקאָ דע לאַ פּראָווינסיאַ דע סאַנטאַ פע״, האָבנדיק שוין אַפילו געקויפט אַ פּלאַץ פאַר דער געביידע פון דער אָפּטיילונג, וואָס מען דערוואַרט דאָרטן צו האָבן.

## סאָציאַל און קולטורעל לעבן

מאָזעסוויל שטרענגט זיך אָן אָנצוהאַלטן איר קולטורעל און סאָציאַל לעבן. פאַר דעם דאָזיקן צוועק ציילט זי, פריִער פון אַלץ, מיט די צווײ גרויסע ביבליאָטעקן אונטער די נעמען: „קדימה״ און „באַראָן הירש״, וואָס פאַר־מאָגן היינט צו טאָג ביי די זעכצן טויזנט עקזעמפּלאַרן. יעדע איינע פון זיי האָט שוין אירע בלעטלעך געשיכטע, מיט וועלכער מיר קענען, ליידער אין דער באַגרענעצטער אַרבעט זיך נישט אָפּגעבן.

די ערשטע פון די צווײ ביבליאָטעקן, די „קדימה״, האָט אירן אַ גרויסן סאַלאָן, וואָס ווערט אויסגענוצט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנפערענ־צן, פאַרזאַמלונגען, סאָציאַלע זיצונגען און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונ־טערנעמונגען און פאַרברענגעכצן.

די טריבונעס פון די דאָזיקע צווײ ביבליאָטעקן ווערן פון צייט צו צייט פאַרנומען פון אָנגעזעענע וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פּערזענלעכ־קייטן

ספּעציעל דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן די אַקטואַציע דאָרטן פונעם סינ־פאָנישן אָרקעסטער פון דער פּראָווינץ ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, ווי

אויך די אַקטואַציע פונעם קינדער־אָרקעסטער פונעם פּראָווינציעלן דער־ציִונגס־מיניסטעריום און דער פֿאָליפֿאָנישער כאָר פון דער פּראָווינץ.

אין די אַנדערע קאָלאָניעס, וואָס געהערן צום צענטער מאָזעסוויל, זע־נען פאַראַן ביבליאָטעקן און זאַלן וואָס דינען פאַרן קולטורעלן, סאָציאַלן און דערציִערישן לעבן.

עס קען געוויס אויך נישט אַרויסגעלאָזט ווערן די וווילטעטיקייטס־אַרבעט פונעם ייִדישן דאַמען־פאַראיין, וואָס קומט אונטער אין פאַלן פון אַזאַ באַדערפעניש אָן קיין שום אונטערשייד פון גלויבן און אַנדערע ענלעכע אַנגעהעריקייטן:

אין מאָזעסוויל פונקציאָנירט אויך, און מיט גרויס אָנזען, דער „ראָטאַ־רי־קלוב״, וואָס פירט דורך אַקטן און טעטיקייט לטובת דעם פּראָגרעס און בעסערער אַנטוויקלונג פון דער באַפעלקערונג פון דער זאָנע. צווישן זיי פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן זיין אינטערוועגץ בנוגע וועגן אויפזיי און פאַר־ריכטונג (וויאַלידאַד).

## דערציִונגס־אַנשטאַלטן

מאָזעסוויל און די צו איר אָנגעהעריקע שטעטלעך, ציילן מיט 13 עלע־מענטאַרע שולעס, פון וועלכע אייניקע ווערן אויסגעהאַלטן פון דער פּראָ־ווינציעלער רעגירונג און אַנדערע פון דער נאַציאָנאַלער: אייניקע פון זיי זענען אָפּשטאַמיקע פון דער צייט ווען די ייִקאַ האָט זיי אויסגעהאַלטן, און אַנדערע זענען פשוט אַ פאָרזעצונג פון פריִערדיקע אַזעלכע שולעס.

אַ חוץ דעם פאַרמאָגט דאָס שטעטל מאָזעסוויל:

— אַן אינסטיטוט פון „סעקונדאַרער״ דערציִונג (באַטזשיראַטאָ);
— אַן אינסטיטוט פון „סעקונדאַרער״ דערציִונג (פאַר ייִדישע לערער);
— אַ טעכניש־פּראָפעסיאָנעלע שולע פון דער פּראָווינץ (פאַר דער דערלערנונג פון סטאָלעריי, טאָקעריי, שמידעריי אאַז״וו.
— אַ פּראָווינציעלע פּראָפעסיאָנעלע שולע פאַר פרויען;
— ייִדיש־עלעמענטאַרע שולעס זענען דאָרט פאַראַן 4, זיי פונקציאָ־נירן אין מאָזעסוויל, פּאַלאַסיאָס, לאָס פּאַלמעראָס און אין מאָני־גאָטעס;
— עס זענען אויך פאַראַן אין מאָזעסוויל 4 ספּאָרט־צענטערס: אין

איינעם פון זיי פּראַקטיצירט די יוגנט פוטבאָל, טעניס, באַסקעט־באָל, „באָטשאָס״, גימנאַסטיק און זינגט דעם אָנפאַנג פון דעם יאָר האָט ער שוין אויך אַ שווימבאַסיין.

די דאָזיקע אינסטיטוציעס ווערן אויסגענוצט פון די שילער פון די סעקונדאַרע אינסטיטוטן ווי פון די עלעמענטאַרע שולעס, ביים דורכפירן זייערע פיזישע איבונגען.

זיי, די דאָזיקע אינסטיטוציעס, האָבן אויך אַ גרויסע בינע און אַ געפלאַסטערט פלאַץ (פּיסטאַ) פאַר סאָציאַלע טענץ און אונטערנעמונגען און דינען צו דער זעלבער צייט פאַר דער דורכפירונג פון באַנקעטן און לונטשן.

וועגן אינסטיטוט פון „סעקונדאַרער״ דערציונג פאַר ייִדישע לערער מוזן מיר מינדעסטנס זאָגן אַ פּאָר ווערטער. מיר האָפן אַז די אַנדערע אינסטיטוציעס וואָס מיר שעצן גאָר הויך זייער ביישטייער פאַר דער דערציונג, וועלן עס נישט אָננעמען פאַר שלעכט.

עס האַנדלט זיך פון אַ ייִדישן לערער־סעמינאַר אינטערנאַט, דער איינציקער דאָ אין אינערן פון לאַנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין חודש מערץ פון 1959 און זיין איניציאַטיוו ווערט צוגעשריבן דעם ה׳ צבי פיינגערש, וואָס איז טאַקע היינט צו טאָג דער ראש־הקהל פון דער קהילה פון אונדזער הויפטשטאָט.

זיין גרינדונג איז אַרויסגערופן געוואָרן אַדאַנק דער שאַרפער פּראָבלעם פון פעלן פון ייִדישע לערערס דאָ אין לאַנד.

פון געפינען אַ לייזונג פאַר די ישובים אין לאַנד וואָס ציילן מיט אַ קלענער צאָל ייִדישע תושבים און זייערע קינדער האָבן נישט ווו און וויאַזוי צו באַקומען די מינדעסטע ייִדישע דערציונג און אויך אַדאַנק דעם ווילן פון וועלן דעסצענטראַליזירן די טעטיקייטן פון דער הויפטשטאָט און זיי איינאָרדענען אין אינערן פון לאַנד.

געוויס איז דאָרט פאַראַן אין אינטערנאַט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פאַר ייִנגלעך און אַ באַזונדערע פאַר מיידלעך. ביידע אָפּטיילונגען קענען אויפנעמען ביי די 150 תלמידים, צוזאַמען מיטן טעכנישן און אַדמיניסטראַטיוון פּערסאָנאַל.

תלמידים ווערן דאָרט אַריינגענומען פונעם גאַנצן לאַנד, ווי פון די שכנישע לענדער אַזעלכע ווי: באָליוויע. פּאַראַגווײַ, אורוגוויי, בראַזיל א. א.

די תלמידים האָבן דאָרט 20 לערן־שעה אַ וואָך. זיי זענען פאַרפליכ־

טעט. באַטירלעך, צו באַזוכן די אָרטיקע נאַציאָנאַלע מיטל־שולע, כדי צו שאַפן אַ וואָס בעסערע און ריכטיקערע קעגנזייטיקע מיטאַרבעט און פער־פעקציאָנירונג פון דער יידיש־אַרגענטינער פּאָרמירנדיקער מאָרגנדיקער פּערזענלעכקייט.

די עלטער פון די תלמידים איז פון 10 ביז 17 יאָר. זיי דאַרפן האָבן דורכגעמאַכט אַן אָנהייב־שולע.

די תלמידים וואָס לערנען דאָרט, שטאַמען פון 48 און מער ישובים פון לאַנד, ווי פון שכנישע לענדער.

יערלעך ווערן דאָרט פאַרשריבן פון עטלעכע און זעכציק ביז 120 שי־לער, פון צווישן וועלכע עס ווערט יערלעך אַרויסגעלאָזט אין אַבסאָלווענטן ביז נאָענט פון דער צאָל פון עלפט פון די פאַרשריבענע.

אום צו שאַפן זיך אַ מינדעסטן באַגריף פון די אויסגאַבן וואָס מוזן געמאַכט ווערן פאַר דער אויסהאַלטונג פונעם סעמינאַר און אינטערנאַט, וואָס ווערט געשאַפן פון דער לאָקאַלער קאָמיסיע וועלכע מאַכט פאַר דעם די העכסטע אָנשטרענגונגען און אַרבעט־מיט מיט אויסערגעוויינלעכער קרבנות־גרייטקייט און איבערגעגעבנהייט — וועלן מיר נאָר אָנווייזן אַז נאָר דער בייטראָג פאַר די דאָזיקע הוצאות פאַרן סעמינאַר מצד דער קהילה פון אונדזער הויפּטשטאָט באַשטייט פון אַנדערטהאַלבן מיליאָן פּעזעס אין ערשטן יאָר פון זיין גרינדונג און גרייכט היינט צו טאָג נאָענט צו דער סומע פון פינף מיליאָן פּעזעס יערלעך.

## רעליגיעזע הצטרכותן

די גאַנצע רעליגיעזע טעטיקייט אין מאָזעסוויל איז קאָנצענטרירט אין דער קהילה; זי איז די וואָס וואַכט אויף זיי און האַלט זיי אויס:

2 שוחטים־מוהלים, דעם סעמינאַר „יהדות" פאַר יידישע לערערס, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן אַ צוגאָב־אינטערנאַט וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דער קהילה פון דער הויפּטשטאָט פון לאַנד (בוענאָס־איירעס).

עס איז דאָרט פאַראַן 4 שולן:

דער בית־הקברות ווערט אויך אויסגעהאַלטן פון דער קהילה.

אין די אָנגעהעריקע שטעטלעך באַשטייט דאָס רעליגיעזע לעבן פון פאָלגענדעס:

פאַלאָסיאָס פאַרמאָגט אַ שול אין וועלכער עס פונקציאָנירט די שולע. איר קהילה האַלט אויס דעם בית־הקברות, אַ שוחט־מוהל באַנוצט זי פון מאָזעסוויל:

לאַס פאַלמעראַס פאַרמאָגט אַ שול, אַ שולע און אַ סאָציאַלן סאַלאָן. זי האָט איר שוחט און איז אָנגעשלאָסן אין דער קהילה פון צענטער מאָזעסוויל.

מאָניגאָטעס פאַרמאָגט אַ שול, אַ שולע און אַן אייגענעם בית־הקברות. דער שוחט וואָס באַדינט זי, קומט פון סערעס אַ פּאָר מאָל אין יאָר.

אין מאָזעסוויל, ווירכיניאַ, פאַלאַסיאָס, לאַס פאַלמעראַס און מאָניגאָטעס זענען פאַראַן קירכעס פאַר דער קאַטוילישער באַפעלקערונג.

## סאַניטאַרע באַדינונג

פאַראַן דאָרט אין מאָזעסוויל אַ שפּיטאָל מיט אַלע נייטיקע באַדערפע־נישן, אַזעלכע ווי: אַן אָפּעראַט פאַר ראַזשאַס עקיס, אַן אָפּעראַציע־טיש, אַ אָרטאָפּעדיש בעט אאַז״וו. זינט אַ פּאָר יאָר איז דער שפּיטאָל איבערגעגעבן געוואָרן דער פּראָווינציעלער רעגירונג אין אַרענדע אויף פינף יאָר, מיט דעם צוזאָג אויף נאָך אַזאַ צייט־אָפּשניט און אויף דער סימבאָלישער פּרייז פון איין פּעזאָ יערלעך. אַזוי אַרום אַז די פּראָווינציעלע רעגירונג זעט אים אויף איר רעכענונג.

## דאָס דאָרטיקע עקאָנאָמישע אויסלעבן זיך

מיר וועלן דאָ אָנוואַרפן נאָר אַ פּאָר קיילעכדיקע ציפערן פון דעם וואָס עס באַטרעפט דער אינוועסטירטער קאַפּיטאַל און אינוועטאַר לויט די קאָס־טן פון היינט צו טאָג; דעם ברוטאָ באַטרעף פון אַ נאָרמאַל יאָר פּראָדוקציע אין דעם עודף וואָס בלייבט פאַר אַמאָרטיזאַציעס, פאַרן פּראָצענט אויף דעם אינוועסטירטן קאַפּיטאַל, פאַר די פאַרשידענע שטייערן און פאַרן אויפזע פון דער ווירטשאַפט:

אין מיליאָנען פּעזאָס

באַטרעף פונעם גאַנצן אינוועטאַר:

145.000 העקטאַר לאַנד אויף צוואַנציק טויזנט פּעזאָס יע־
דער העקטאַר, אַריינגערעכנט הייזער, שייערן, דראָט־
צוימען אאַז״וו. — — — — — — — — — — — — 2.900

| | אין מיליאָנען פּעזעס |
|---|---|
| מאַשינעריע און אַנדערע מכשירים צו דער אַרבעט פון 751 פּראָדוצירער (דורכשניט באַטרעף פון צו אַנדערהאַלבן מיליאָן פּעזעס יעדער איינער) — — — — — — — — | 1.126,5 |
| 90.000 רינדער (באָווינאָס) קליין און גרויס אין דורכשניט־לעכן באַטרעף פון צו צוועלף טויזנט פּעזעס — — — — | 1.080 |
| 2.000 פּערד צו זעקס טויזנט פּעזעס — — — — — — — | 12 |
| 3.000 שאָף צו טויזנט פינף הונדערט פּעזעס — — — — | 4,5 |
| סך־הכל באַטרעף פון אינוועטאַר — — — — — | 5.123 |

פינף טויזנט הונדערט דריי און צוואַנציק מיליאָן פּעזעס (דורכשניט באַטרעף פון יעדן קאָלאָניסט 6.821.576 פּעזעס).

באַטרעף פון אַ געוויינלעך יאָר פּראָדוקציע:

| | |
|---|---|
| 25.073.198 קילאָס מילך — — — — — — — — — — — — — | 92 |
| קאָסעטשע: באַטרעף פון 165.539 קינטאַל ליאָן, פּוראָזשן, הירזש, ווייץ און לוצערן — — — — — — — — — — — — | 132 |
| פּאַרקויף פון 30.000 בהמות צו זיבעצן טויזנט פּעזעס יעדע איינע — — — — — — — — — — — — — — — — | 510 |
| סך־הכל פּאַרקויף פון דער פּראָדוקציע — — — — — — — | 734 |

זיבן הונדערט פיר דרייסיק מיליאָן פּעזעס (דורכשניטלעך פּאַר יעדן פּראָדוצירער 977.363 פּעזעס).

רעזולטאַט פון אַ יאָר:

| | |
|---|---|
| 40 % פּונעם ברוטאָ באַטרעף פּאַר די דירעקטע אויסגאַבן איבער דעם וואָס עס האַנדלט זיך פון פּי־פּראָדוקציע | 293,6 |
| סך־הכל וואָס בלייבט — — — — — — — — — — — — — | 440,4 |
| סך־הכל — — — — — — — — — — — — — | 734 |

דורכשניט וואָס בלייבט פאַר יעדן פּראָדוצירער — 586.418 (פינף הונדערט זעקס און אַכציק פיר הונדערט און אַכצן פּעזעס).

צו דעם דאַרף צוגערעכנט ווערן דער נאַטירלעכער צוקום פון בהמות. דער איבערגעבליבענער פאַרדינסט (אויסער דעם צוקום פון בהמות) גרייכט קוים צו אַכט פּראָצענט מיט זעקס צענטל אויף דעם אינוועסטירטן קאַפּי־טאַל און אינווענטאַר און דאַרף דינען פאַר די פאַרשידענע שטייערן וואָס זענען היפּש פאַראַן, פאַר אַמאָרטיזאַציעס פון אינווענטאַר, פאַר דער איי־גענער אַרבעט, אָדער אויפזיכט פון דער ווירטשאַפט, ווי פאַר דער דעקונג פון די פאַרשידענע ריזיקעס וואָס זענען פאַראַן ביי דער אַגראָפּעקואַרער פּראָדוקציע אין אַ היפּשער צאָל אַאַז״וו.

אויב עס קען אויסזען אויף דעם ערשטן אויגנבליק אַזאַ פאַרדינסט גאַנץ צופרידנשטעלנדיק, איז עס אָבער דערנאָך, ביים אויספירלעכן אַנאַ־ליז, נישט אַזוי צוציִענדיק און גיט היפּש נאָכצודענקען און זוכן די אור־זאַכן פון דעם וואָס עס געשעט מיט דער דאָרטיקער אַגראָפּעקואַרער פּראָ־דוקציע, ווי אין אַלגעמיין מיט דער זעלבער אין גאַנצן לאַנד.

M. SENDEREY - A. GABIS

# MOISES VILLE

PRIMERA COLONIA JUDIA EN LA REPUBLICA
ARGENTINA, A LOS 75 AÑOS DE
SU FUNDACION
1889 - 1964

BUENOS AIRES
1964